# What are the Socialists aiming at ?

**By WILHELM BROCKE**

Translated from the German by

**S. PESKIN**

# וואס ווילען די סאציאליסטען?

—(אן איינפאכע ערקלעהרונג)—

פון

## ווילהעלם בראקע

איבערזעצט פון דייטש פון

## ש. פעסקין

פרייז — — — — — — — — — — — — — 5 סענט.

Progressive Publishing Association

831 North Seventh Street

PHILADELPHIA, PA.

# סאציאליזמוס איז דיא נייע תורה!

א תורה וועלכע לעהרענט דיא מענשען וויא אזוי צו פיהרען אן אמת מענשליכען לעבען אויף דער וועלט.

אום דיא תורה צו פארשטיין מוז מען הערען סאָציאליסטישע רעדנער און לעזען סאָציאליסטישע שריפטען.

מיר ראטהען אייך צו לעזען דיא פאָלגענדע בראָשורען.

## "וואָס ווילען דיא סאָציאליסטען?"

אן איינפאכע און ריכטיגע ערקלעהרונג וואָס דיא סאָציאליסטען ווילען, לעזט וואָס זיי אליין זאָגען וועגען דעם! געשריבען פון וויל־העלם בראַקע, און איבערזעצט פון דייטש פון ש. פעסקין פרייז 5ס.

## „יעמוד ארבייטער!"

אן ערקלעהרונג איבער דעם וויא דיא ארבייטער פאנגען זיך אָן אָרגאנעזירען, און קעמפפען פאר זייער בעפרייאונג. דיא בראָשורע ערקלעהרט דייטליך וואָס דיא סאָציאליסטישע פארטיי שטרעבט דורכ־צופיהרען. געשריבען פון ב. פייגענבוים, פרייז 5 סענט.

## "דער קלאססען קאמפף"

א וויכטיגער בראָשורע וואו עס ווערט ערקלעהרט וויא אזוי דיא קעמפפע צווישען דיא קלאסען איז געפיהרט געוואָרען פריהער, און וויא דער יעצטיגער קאמפף צווישען קאפיטאל און ארבייט מוז פיהרען צו דיא פארווירקליכונג פון סאָציאליזמוס, געשריבען פון ש. עלשטיין, פרייז 5 סענט.

## "דיא רעפובליקאנער, דיא דעמאָקראטען און דיא סאָציאליסטען"

א רעדע פון יודזשין וו. דעבס, דיעזע רעדע איז פון איהם גע־האלטען געוואָרען אין ניו יאָרק „היפּאָדראָם טהעאטער" פאר א פּוב־ליקום פון 8 טויזענד, אין דיעזע רעדע ווערט דייטליך ערקלעהרט וועלכע פּרינציפּען, וועלכע אינטערעסען עס פארטרעטען דיא פאר־שיעדענע פארטייען אין דיעזען לאנד. דער בראָשורע קאָסט בלויז 3ס. אנדערע בראָשורען ווערען פאַרבערייטעט.

# דער פרייהייטס קעמפפער

---

ער מעג אליין אין שטורם שטיין,
זיין טהעטיגקייט וועט בלייבען;
איהם קען דיא נויט, און אויך דער טוידט
פון ווירקען ניט פערטרייבען.

ער מעג פון פיינד, און גוטע פריינד
פארשטויסען און פערשפעטעט זיין;
ער זעהט אויך היינט, דיא זונן וואָס שיינט
פון פרייהייט, וועלכע וועט זיין

ער זעהט דיא וועלט פון רויב און געלד
מיט האס, און שפּאָט, און קאלטקייט;
ער קעמפפט אין פעלד, א יונגער העלד,
ער ווייס ניט פון קיין אלטקייט.

ער רייסט מיט רייד דעם שיינעם קלייד
פון פאלשקייט און פון ליגען,
ער קעמפפט אין פרייד, אין שמערץ און לייד
ניט דיינקענדיג זיעגען.

איהם טרייבט דער דראנג פון פאָלק׳ס פערלאנג
צו לעבען און געניסען;
דער האס צום שלאנג פון שקלאפען־צוואנג
פון מענשען אָהנע וויסען.

איהם יאָגט דער גייסט, וואָס ברעכט און רייסט
דאָס פוילענדע אין שטיקער,
וואָס שטעכט און בייסט און שטראָפט און שמייסט
דעם ווילדען אונטערדריקער.

איהם ארט קיין שפּאָט פון לייט און גאָט,
ער וויל קיין לאסט ניט טראָגען;
ער זוכט, און האָט, א נייע געבאָט
וואָס הייסט נ י ט ל אָ ז ע ן פ ל אָ ג ע ן.

י. באַוושאָווער.

# וואס ווילען דיא סאציאליסטען



„א מפּלה אויף דיא סאָציאליסטען" דיעזע ווערטער הערט מען ניט איין מאָהל אויסשרייען מיט גרויס כעס. ניט צום ערשטען מאָהל הערט איהר זיי ליעבּע לעזער, און גאנץ וואר־שיינליך האָט איהר אליין שוין אויך ניט איין מאָהל געהאט דיא ווערטער אויף אייערע ליפּען.

און דאָס איז גאנץ נאטירליך, ווארום האלט דען ניט דיא גאנצע וועלט דיא סאָציאליסטען פאר דיא גרעסטע רשעים וואָס קאן נור געבּען? ווילען זיי דען ניט אָפּשאפען אלעס וואָס עס איז אונז אזוי הייליג און טהייער וויא: אייגענטהום, רעגיערונג און דעם הייליגען בּונד פון הייראטה? פיעלע זאָגען נאָך אז א סאָציאליסט איז ערגער וויא א מערדער, דען א מערדער הרג'עט בּלויז יחידים, און א סאָציאליסט וויל דאָך אומקעהרען קאפּויער דיא גאנצע וועלט און מאכען א חורבּן פון אונזער גאנצע ציווי־ליזאציאָן.

אזוי האָט איהר לעזער געוויס געקלעהרט, און ווען ניט איהר אליין האָט איהר געוויס פיעל פריינד און אייערע בּעקאנטע וועלכע קלעהרען אזוי וועגען דיא סאָציאליסטען.

ווען איהר וועט זיך אָבּער אויף א ווײַלע בּערוהיגען און בּיי זיך אליין גאנץ ערנעסט פרעגען וואָס אייגענטליך וויים איך וועגען סאָציאליזמוס?" וואָס און ווען האָבּ איך וועגען דער פראגע געלעזען אָדער געהערט פון סאָציאליסטען גופא? ווען האָבּ איך מיר ערנסט בּעדיינקט וועגען דער אידעע?

ווען איהר לעזער וועט זיך שטעלען אָט דיא פּאָר פראגען, האָבּען מיר גענוג גלויבּען אין אייך אז איהר וועט זיך זיי פאר־ענטפערען וויא אן עהרליכער, וויא אן אמת'ער מענש. איהר וועט זיך אליין ענטפערען דיא פראגען און בּעשליסען אז ווייסען, ווייסט איהר אייגענטליך כמעט וויא גאָרניט וואָס דיא סאָצי־אליסטען ריידען אָדער שרייבּען, נור איהר האָט עפּעס געהערט „איבּער־ריידען" אָדער „איבּער דערצעהלען" אין אן אפּלאכענדען טאָן און איהר זייט סתם אויפגעבּראכט געגען זיי.

א מענש דארף זיך אָבּער וועגען אלעס וואָס ער טהוט אָבּ־געבּען א גענויען רעכענונג. ווען איהר האסט דיא סאָציאליס־

טען מוזט איהר פריהער וויסען וואס זיי ווילען, און דאן, ווען איהר וועט שוין קלאהר ווערען און אויסגעפינען אז זיי ווילען ווירקליך אומבריינגען דיא גאנצע מענשהייט דאן מעגט איהר זיין אין כעס, זיי זידלען און זיי בעקעמפפען וויא ווייט איהר קענט נור.

דער ווילע לאמיר אבער פריהער פון אלעם זעהן וואס דיא סאציאליסטען ווילען. צו וואס זיי שטרעבען. וואס זיי ווילען אפשאפען און וואס זיי ווילען אויפבויען, און ערשט דאן וועט איהר זעהן צו מען דארף זיי האסען אדער ליעבען.

פריהער פון אלץ הערט מען זאגענדיג, אז דיא סאציאליסטען ווילען אלעס טהיילען — יעדערער זאל פריהער אוועקגעבען אלעס וואס ער האט, און דאן זאל מען דאס צוטהיילען צווישען אלעמען גלייך.

ווען מיט דער צייט וועט ווידער אויסקומען אז איינער האט מעהר און דער אנדערער ווייניגער, זאל מען ווידער אלעס טהיילען און אזוי זאל מען זיך פיהרען כסדר. פריהער פון אלעם זאגט מען אז סאציאליסטען ווילען דאס מען זאל צוטהיילען דאס געלד און דאס לאנד.

זאגט אונז אבער לעזער, צו האט איהר ווען אין אמת'ן געזעהן אזא מענשען, וועלכער זאל אלעס וועלען טהיילען? ניין, איהר האט אזא מענשען ניט געזעהן, ווייל אזא מענש איז גאר קיין מאהל ניט געוועזען אויף דער וועלט! ווארום אויסער א משוגע'נעם קאן גאר קיינעם אזעלכע פעריקטע פלענער ניט איינפאלען.

שטעלט זיך פאר צום ביישפיעל, וויא זאל מען צוטהיילען דיא אייזענבאהנען? ווער וועט בעקומען דיא שינעס, ווער דיא לאקאמאטיווען און ווער דיא וואגאנען? אזוי וויא יעדערער דארף דאך בעקומען א גלייכען טהייל, וואלט אויסגעקומען אז דער איינציגער מיטעל וואלט זיין דאס מען זאל אלעס צוברעכען אויף שטיקלאך און דאן וואלט איינער קריגען א שטיק ראד, דער אנדערער א האלבע טהיר און דער דריטער גאר א שטיק קוימען.

אזעלכע פלענער קען מען נור הערען אין א משוגעים הויז.

צו ריידען וועגען טהיילען געלד און לאנד וואלט זיך נאך א מאהל שיקען. אבער געלד און לאנד זיינען דאך בלויז א קליינער חלק פון דיא גאנצע עשירות פון דער געזעלשאפט. געלד איז גאר א קליינער טהייל פון דיא רייכטהימער, וואס אנבע־

לאנגט ווייטער וועגען צוטהיילען דאס לאנד איז דאך קלאהר, אז ווען מען זאל יעדען איינציגען אבטהיילען א שטיקעל לאנד מוז מען דאך יעדען אויפבויען א הייזעל און פערשאפען אקער אייזענס, בהמות און אלע אנדערע זאכען וואס זיינען נויטהיג דאס לאנד צו בעארבייטען אדער צו בעוואהנען. און אזא צוטהיילונג ווייסען דיא סאציאליסטען גאנץ גוט אז עס איז ערשטענס זייער שווער און צווייטענס וואלט אזא צוטהיילונג וועהניג וואס העלפען צו ברייננגען גלייכהייט און ברידערליכקייט צווישען מענשען.

אין דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישע רעוואלוציאן, אין 1789 האט מען געמיינט דיא בויערן גליקליך צו מאכען, און מען האט צווישען זיי צוטהיילט שטיקלאכוויים דיא גרויסע פערמעגענס וועלכע האבען געהערט צו דיא פריצים און צו דיא קלייסטערס. וואס האט מען אבער דערמיט געפויעלט? גארניט מיט גארניט. דער פראנצויזישער בויער איז יעצט אזוי ארעם אז מיליאנען פון זיי לעבען אין הייזקעס וואו עס איז אפילו ריין איין פענסטער ניטא.

און איז דער קליינער פארמער אין אמעריקא גליקליך? דיא קליינע פארמערס לעבען איצטער אסך ערגער וויא פריהער. זיי דארפען ארבייטען איבער דיא כחות און קענען זעלטען ארויסקריכען פון זייערע שרעקליכע הובות. יעדע מאשין וואס וואלט זיי געהאלפען אין דער ארבייט בעלאנגט צום פארם־מאשין־טראסט און איז מיט גאלד צוגלייך. ניין, אזא צוטהיילונג וויא מען האט פרובירט ביז היינט קאן ניט טויגען. דיא גלייכסטע צוטהיילונג קאן ניט לאנג קיין קיום האבען, אזוי לאנג וויא יעדערער האט זיך בעזונדער זיין חלק, וועט סוף כל סוף איינער שוין קריגען אין זיין האנד אריין א גרעסערען חלק וויא דער אנדערער. און פון דעם קומט ארויס דאס דער וואס האט א קליינעם חלק קאן גארניט מאכען, ווייל עס לוינט זיך בלויז צו בעארבייטען גאנץ גרויסע שטיקער לאנד, און ניט מיט פארצייטיגע אקער־אייזענס, נור מיט מאשינען אויף א גאנץ גרויסען שטייגער. דער קליינער פארמער וואס קאן דאס ניט, קען דאריבער ניט אויסהאלטען דיא קאנקורענציע מיט דיא גרויסע לאנד בעזיצער, וועמען עס קאסט אלעס ביליגער און ביי וועמען דיא ארבייט געהט צוליב דיא זעלבע גרויסע מאשינען פיעל שפארעוודיגער און בעסער.

וואס אנבעלאנגט ווייטער וועגען צוטהיילען דאס געלד,

געהט זייט יאָהרען לאנג ארום א וויץ, וועלכען מען האָט אויס־ געקלעהרט אום צו בעווייזען אז דיא סאָציאליסטען זיינען ניט מעהר וויא פעררינקט: ווען ראָטהשילד פון פראנקפורט איז איינ־ מאָהל געגאנגען שפאצירען, דערצעהלט דער וויץ, זיינען צו איהם צוגעגאנגען צוויי ארבייטער און האָבען געזאָגט:—

„הער ראָטשילד מיר ווילען זיך טהיילען מיט אייער געלד,“ ראָטשילד האָט זיך ניט דערשראָקען און האָט גאנץ רוהיג גע־ ענטפערט; מיט'ן גאנצען הארצען, מיר קענען דאָס טאקע גלייך טהאָן. איך פערמאָג ביז 50 מיליאָן דאלאר, אין דייטשלאנד זיינען דאָ ביז 50 מיליאָן איינוואָהנער, אלזאָ קומט אויס אויף יעדען 1 דאלאר,“ דער ביי האָט ראָטשילד ארויסגענומען זיין בייטעל און דערלאנגענדיג זיי צו דאלער, האָט ער געזאָגט; נאט אייך וואָס אויף אייער חלק קומט אויס“. דיא ארבייטער זיינען געבליבען שטעהן וויא פלעקער און ראָטשילד איז זיך אוועק גאנץ צופריעדען פון זיין וויץ.

דיעזער וויץ ווייזט טאקע דייטליך, וואָס פאר אן אונזין עס וואָלט געווען צו צוטהיילען דאס געלד. עס איז דאָך א גרויסע נארישקייט צו דיינקען אז דיא דריי מיליאָן סאָציאליס־ טען אין דייטשלאנד דער קנאפער מיליאָן סאָציאליסטען אין פראנקרייך, דער האלבער מיליאָן סאָציאליסטען אין ענגלאנד און דיא מיליאָנען סאָציאליסטישע וועהלער פון דיא אנדערע לענדער, זאָלען זיין אזעלכע משוגעים. מסתמא ליגט דאָך עפּעס א טיעפערער געדאנק אין סאָציאליזמוס, וועלכע פאראינטערע־ סירט דיא גרעסטע געלעהרענטע און שטאאטסמענער און ציהט צו אליץ מעהר אנהייינגער פון יעדער קלאס מענשען

ווען איהר וועט לעזען מעהר סאָציאליסטישע שריפטען וועט איהר אליין באלד ארויסזעהען אז דיא גאנצע געשיכטע מיט דעם טהיילען זיך איז ניט ווערטה קיין אויסגעבלאָזענע איי, און אז דיא סאָציאליסטען זיינען גאָר אדראבע דיא גרעסטע געגנער פון טהיילען, דאָס דוכט זיך היינט אויס קאָמיש, עס איז אָבער פאָרט אזוי.

דיא סאָציאליסטען זאָגען אז אין היינטיגע צייטען געהט ערשט גאָר אָן די טהיילעריי אויף דעם גרעסטען שטייגער. און דערצו נאָך ווערט אלעס געטהיילט אויף דעם ערגסטען און אויף דעם אונעהרליכסטען ארט. דערמאָנט זיך נור לע־ זער וואָס'ערע גרויסע סומען געלד און פעטע חלקים עס בעקו־ מען אונזערע פאבריקאנטען, באנקירען, טראָסט מאגנאטען, איינ־

שורענס פרעזידענטען, און גרויסע פּאָליטישענס, וועלכע הויבען אפילו גאָר ניט אָן צו וויסען וואָס ארבייטען איז, און וואָס פאר א מאָגערען אויסגעשמאָקצעטען ביינדעל מען לאָזט איבער פאר דעם פערהאָרעוועטען ארבייטער, בויער אָדער זאָגאר פיר דעם קליינעם סוחר.

און מיינט ניט אז דיא סאָציאליסטען זיינען דיא ערשטע וועלכע זיינען דערגאנגען, אז אין היינטיגע צייטען ווערט אלעם גאנץ אונעהרליך געטהיילט, דאָס גיבען אפילו צו דיא געגנער פון דיא סאָציאליסטען, ווען נור זיי זיינען פערשטענדיגע מענ־שען און ווייסען וויא דיא וועלט פיהרט זיך. אָט וואָס איינער פון דיא גרעסטע געלעהרענטע און גאונים פון ענגלאנד, דער בעריהמטער דזשאהן סטיוארד מיל, — געדיינקט, ניט קיין סאָציאליסט זאָגט וועגען דעם: „אין היינטיגע צייטען איז אזוי איינגעפיהרט, אז וואָס שווערער מען ארבייט בע־קומט מען אלץ וועהניגער, דיא גרעסטע חלקים בעקומען דיא וועלכע ארבייטען גאָרניט. דיא וואָס ארבייטען שווע־רער בעקומען נאָך וועהניגער א. ז. וו. עס קומט אויס אז דיא וואָס ארבייטען און מאטערען זיך איבער דיא כחות האָבען קיים צום לעבען“.

קוקט זיך נור א ביסעל נעהנטער צו, צו אלעם ארום אייך, דערמאָהנט זיך וואָס איהר האָט אליין געזעהן מיט אייערע אויגען וועט איהר פארשטעהן וויא מערקווירדיג אמת דיעזע ווערטער זיינען.

דיא יעניגע וועלכע לעבען אין רייכטהום און לוקסוס, וועלכע לויפען פון איין פערגעניגען צום אנדערען, דיעזע האָבען אין זייער גאנצען לעבען אפשר קיין איינציגע שטיקעל נוצליכע ארבייט ניט אויפגעטהון; ניט ארבייטענדיג אליין פערכאפּען זיי און פערהולטייעווען דיא פריכטע פון פרעמדע ארבייט.

קוקט זיך אָבער פון דער אנדער זייט צו, צו דעם ארבייטער, וועלכער האָרעוועט מיט שוויים איבער זיין שטיקעל ברויט, קוקט זיך צו וויא ער מאטערט זיך איבער דיא כחות פאר זיינע קליינע בעלאָהנונג. אויב ער קאן זיין מלאכה, אויב ער איז שנעל און געזונד און האָט וויא מען זאָגט, א גוטען מזל — דאן קאָן ער זיך דורכלעבען און אפשר נאָך אָבשפּאָרען א פּאָר סענט וועלכע פערשווינדען באלד מיט דעם אָנקומען פון א שלעכטען יאָהר אָדער קראנקהייט. דאָס רוב ארבייטער אָבער קענען אזא קלייניגקייט אייך ניט בעהויפּטען און אין דער צייט פון סלעק,

קראנקהייט אָדער בײַ זײערע לעצטע מינוטען פון לעבען, זײנען זײ אזוי אָרעם װיא דאן. װען זײ האָבען אָנגעפאנגען צו אר־בײטען.

און װיא פיעל קען מען טרעפען אזעלכע, װעלכע טראָץ זײ־ערע פעהיגקײטען און געשיקטקײט, האָבען זײ אפילו ניט דיא מעגליכקײט צו בעשיצען זײערע פרויען און קינדער פון הונגער און דחקות!

קוקט זיך נור צו ליעבע לעזער צו דיא װעבער פון דיא ניו־ענגלאנד סטײטס, צו דיא קוילען־גרעבער און אנדערע מײנערס פון אָהײאָ, פענסילװײניא, מישיגאן און װאשינגטאָן, צו דיא ארבײטער — ספּעציאל צו דיא מיליאָנען ניט אָרגאניזירטע ארבײטער פון אלע גרויסע שטעדט. קוקט זיך נור ריכטיג צו, צו יעדע װינקעלע פון אונזער לאנגע און ברײטע אמעריקא, — װאָס װעט איהר זעהן? איהר װעט זעהן װיא פלײסיגע מענש־ליכע בעשעפענישע, מענער, פרויען און קינדער, ארבײטען (װען זײ זײנען נור אזוי גליקליך צו קריגען ארבײט) פאר א הונגער לאָהן, פון גאנץ פריה ביז שפּעט אבענדס. קריגען זײ װען עס איז דיא פולע פרוכט פון זײער ארבײט? קײן אײן מאָהל ניט, אפילו א העלפט אויך ניט! קריגען זײ כאָטש פאר זײער שװערע פּראצע גענוג צו פיהרען אן אנשטענדיגען לעבען? זעהר, זעהר זעלטען.

בעטראכט נאָר דיא אנגעשטעלטע אין דיא דעפּארטמענט סטאָרס, דיא פערשיעדענע אײדזשענטס,־סײלסמען און סײלס־לײדיעס, בעטראכט נור װיא זײ װערען געצװאונגען צו פארװענ־דען א גרויסען טהײל פון זײערע קלײנע פארדינסטען אויף שעהנע קלײדער, אויף פּוץ זאכען, און דאָס איבעריגע אויף מאָגערע דינערס, װעלכע זײ מוזען ארײנשלינגען אין עטליכע מינוט.

דיא ארבײטער אויפן לאנד קריגען ניט בעסער בעצאָהלט װיא דיא ארבײטער אין דיא שטעדט, װעהרענד זײער עסען און זײער אָפּרוה־פּלאץ איז פון א גאנץ פּראָסטען סאָרט. הונדערטער טויזענדער ארבײטער זײנען בעשעפטיגט אין טענעמענט הײזער מאכענדיג אלערלײ זאכען, זײ האָרעװען אָהן א בעשטימטע צײט זײער פרוי און קינדער העלפען זײ נאָך צו, און װען זײער הויז װערט געמאכט צו א שמוציגע שאפּ און זײער שאפּ װערט זײער הויז, דאן ערשט קומט זײ אָן מיט גרויס מאטערניס זיך דורכ־צולעבען.

אזוי שטעהט דאָס מיט דעם לאָהן ארבייטער. וויא האלט דאָס אָבער מיט דעם קליינעם בעל מלאכה, מיט דעם קליינעם הענדלער, מיט דעם קליינעם פאבריקאנט און מיט דעם פארמער? וואָס אנבעלאנגט דעם קליינעם בעל־מלאכה, קענען מיר זאָגען אז ער איז שוין כמעט מעהר ניטאָ, אפשר קען מען איהם נאָך ערגעץ וואו געפינען אין א קליין פערלעגענע שטעדטעל. און וואָס האָט איהם אריינגעבראכט אין קבר? דער זעלבער פייער געגען וועלכען דער פארמער, דער קליינער פאבריקאנט און דער קרעמער קעמפפען נאָך איצטער, — דאָס איז דיא קאנקורענץ מיט דיא גרויסע פאבריקאנטען, גרויסע קויפלייטע און גרויסע לאנד בעזיצער. דיעזע פיהרען אלע זייערע געשעפטען אויפ'ן גרויסען שטייגער. זיי מאכען און קויפען אלץ ביליגער, זיי בעזיצען דיא בעסטע מאשינערי, און אלע פארבעסערונגען אין דער ארבייט און אין האנדעל קומט זיי אין האנד אריין, ווייל זיי קענען דאָס געברויכען. אזוי קומט אויס זייערע סחורה בעסער און ביליגער.

דיעזע שווערע קאנקורענץ האָט שוין מיט צעהנדליגע יאָהרען צוריק אין דער ערד אריינגעבראכט דעם קליינעם בעל מלאכה, און איצטער איז געקומען דיא רייהע פון אלע איבעריגע קליינע מענשעלאך, קרעמערלאך, קליינע באָסעס און פארמער. עס איז פאר זיי אונמעגליך אויסצושטעהן דיא קאנקורענץ מיט דיא גרויסע, און ביסלעכווייס גיבען זיי אויף זייערע גאנצע געשעפטען און פארדינגען זיך צו דיא זעלבע גרויסע, וועלכע האָבען זיי ווילענדיג און ניט ווילענדיג רואינירט.

עס טרעפט א מאָהל אז א קליינער געשעפטסמאן ווערט א גרויסער, — ער ארבייט זיך ארויף, דאָס איז אָבער אזא זעלטענהייט אז דאָס בעשטעטיגט ערשט דעם פאקט אז אזא פאסירונג איז אן אויסנאהם.

סוף כל סוף ווערט יעדער קליינער הענדלער דער ארבייטער פאר דעם טראָסט.

אזוי געהט דאָס ליעבע לעזער, ארום און ארום. אלע רייכטהימער, וועלכע ווערען בעשאפען פון דיא ארבייטער, פאלען אין דיא הענד פון דיא וועלכע ארבייטען גאָרניט. דיא וואָס ארבייטען ליידען הונגער, דיא וועלכע טהוען גאָרניט באָדען זיך אין לוקסוס. אָט אזוי ווערט עס געטהיילט אין אונזער געזעלשאפט! קענט איהר לעזער זאָגען, אז אזוי דארף זיין? גאנץ געוויס ניט.

אזא פיהרונג איז געווים ניט גוט. יעדערער וואס האט נור א מענשליכע הארץ אין זיך, וועט צוגעבען אז אזוי דארף ניט און טהאר ניט זיין. וויא איינער זאל ניט זיין אויפגערעגט און שימפפען אויף דיא סאציאליסטען וועט ער דאך מוזען איינזעהן אז אין דיעזען הינזיכט זיינען דיא סאציאליסטען גערעכט.

אזא מין אונגלייכע צוטהיילענעם פון דיא רייכטהימער קען ניט דויערען לייגער. אזא סיסטעם מוז אבגעשאפט ווערען. עס איז אונעהרליך און דעריבער דארף עס ניט עקזיסטירען.

קיין סאציאליסט האט ניט דאגעגען אז דאס, וואס דער ארבייטער האט אליין געשאפען זאל בלייבען זיין פריוואט אייגענטהום. דיא סאציאליסטען פאדערען בלויז אז מען זאל ניט דערלאזען דיא פוילענצער צו פערכאפען דעם גרעסטען חלק פון דעם ארבייטערס אייגענטהום.

דיא סאציאליסטען סטרייטען בלויז געגען אזא פריוואט אייגענטהום, אויף וועלכע דיא אייגענטהימער האבען אליין ניט געארבייט, און וועלכע געהערט דערפאר ניט צו זיי. פון דער אנדער זייט פאדערען דיא סאציא־ליסטען אז יעדערער זאל בעקומען דיא פולע פרוכט פון זייער ארבייט.

„טאקע אליץ ריכטיג“ וועט איהר זאגען;“ געהען אבער דיא סאציאליסטען שוין ניט אביסעל צו ווייט מיט זייערע מיינונ־גען? עס וואלט טאקע געווען גאנץ גוט ווען מען זאל קענען פארהיטען, אז דיא אלע, וואס ארבייטען זאלען ניט ליידען קיין הונגער און נויטה, און ווען מען זאל קענען צווינגען דיא יעניגע וואס טהוען גארניט, אז זיי זאלען זיך אויך נעהמען צו דער אר־בייט און אבארבייטען זייער חלק— דאס וואלט געווען גאנץ שעהן. אבער זיינען דען ניט דיא סאציאליסטען שונאים פון אייגענטהום אין אלגעמיין? ווילען זיי דען ניט צונעהמען דיא אייגענטהום אפילו פון יענע, וועלכע האבען דאס פארדינט מיט שווערע און ביטערע פראצע? האלטען דען ניט דיא סאציאליס־טען פון קאמוניזמוס?

איידער מיר ווילען זיך פארענטפערען פון דיעזען חשד, לאמיר גאנץ קאלטבלוטיג בעטראכטען וואס איז אזוינס קא־מוניזמוס, און וואס איז אייגענטהום, און מיר ווילען זעהען צו איז טאקע קאמוניזמוס אזא מין שרעקליכער פארברעכען וויא דאס רוב מענשען דיינקען.

ווען מיר ווילען זיך ארומקוקען ארום און ארום אונז, ווע־

לען מיר געפינען פיעלע אזעלכע איינריכטונגען וועלכע זיינען געמאכט ניט פיר איינצעלנע פערזאָנען און ניט פון איינצעלנע פערזאָנען. נור פון כלל און לטובות הכלל. דאָ זעהען מיר, וויא מענשען פאראייניגען זיך צו ראטעווען אן אונטערגעהענדע שיף; דאָרטען זעהען מיר וויא א שטאָדט בויט אויף פערשיעדענע שוהלען פאר קינדער, וויא עס ווערען געפלאנצט גערטנער, פארקס, געמאכט בולווארען, געבויט קונסט גאלעריען, וויכטיגע מעדיצינישע אנשטאלטען, מען שיקט ארוים עקספעדיציעס צו שטודירען געוויסע טהיילען פון דער וועלט אָדער מען מאכט עקספערימענטען וועגען פערשיעדענע מיטלען בעסער צו ענטוויקלען דאס לאנד. מען פיהרט איין ביליגע פאָסט פערבינדונגען א. ז. וו.

כמעט יעדער מדינה פערוואלטעט מאסען פערשיעדענע אנשטאלטען, און גראדע אזעלכע אָהן וועלכע מען וואָלט אבסאלוט ניט געקענט אויסקומען. און וועלכע צייגען דייטליך אז קהל נעהמט איבער זאכען אין איהר האנד און פערוואלטעט דאס ניט פיר דעם בענעפיט פון יחידים נור טאקע פאר'ן גאנצען קהל'ס וואָהלזיין.

אויף וועלכען פרינציפ דיינקט איהר לעזער זיינען געגרינדעט געוואָרען די היינטיגע מעכטיגע אינשורענס קאָמפאניעס?

ביי זייער אָנפאנג זיינען זיי געגרינדעט געוואָרען מיט דעם געדאנק צו זעהען פאראייניגען מאסען מענשען וועלכע זאָלען זיך אננעהמען צו העלפען איינער דעם צווייטען אין א נויטה. זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף דעם פרינציפ דאס דער רבים זאָל העלפען טראָגען דעם יאָך און דעם אונגליק פון יחיד. נאטירליך ביי היינטיגער צייט פון כאפ־לאפ נעהמען צו דיא פיהרער, דיא דירעקטאָרען פון דיא אינשורענס קאָמפאניעס א גרויסע מאָס פון דאָס וואָס מען צאָהלט איין צו העלפען צאָהלען דיא בענעפיטס צו דיא, וועלכע נויטהיגען זיך אין דעם, אָבער דער פרינציפ פון דיא אנשטאלטען וועט אייך מאכען פארשטעהן דיא בעדייטונג פון פעראייניגטע קרעפטען צו טהון גוטעס.

דיא פערשיעדענע אָרדענס, וויא דער „ארבייטער רינג“ זיי זיינען בעגרינדעט וויא דיא אינשורענס קאָמפאניעס, אויף דעם פרינציפ צו העלפען מענשען אין א נויטה, העלפען זיי, ניט אויס איינפאכע צדקה, נור טאקע וויא דער מעמבער האָט פריהער

געטהאָן זיין פפליכט צו פריהערע אונגליקליכע פון זיין פעראיין, אזוי טהוען זיינע פריהער געהאָלפענע צו איהם, ווען איהם קומט אוים שלעכט. אזוי קענען מיר געפינען טויזענדע ביישפּיעלע וואו א קלל זאָרגט פאר'ן קלל און דיעזע אלע איינריכטונגען זיינען אייגענטליך נור בעגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ פון קאָמוניזמוס, וועלכע דיא סאָציאליסטען ווילען איינפיהרען. דיא ביישפּיעלע וועלכע מיר האָבען געבראכט צייגען בלויז וויא דער קלל ארבייט אויף א קליינעם מאסשטאב, וויא דער קלל ארבייט אין איינציגע פעלע, קאמוניזמוס הייסט, ווען דער גאנצער קלל זאָרגט פאר דעם וואָהלזיין פון גאנצען קלל, ניט בלויז אין איינציגע וועהניגע זאכען, נור נעהמט אריין אין איהר טהעטיגקייט אלע זאכען וואָס איז נגועה צו א פאָלקס לעבען.

אין אלטעגליכען לעבען זוכט יעדער בלויז זיינע אייגענע נוצען, און איהם ארט ניט, ווען ער זאָל אפילו דערמיט שאדען זיין שכן. דער נאקעטער גראָבער עגאָאיזמוס הערשט אין אונזערע צייטען, ווען מען פיהרט איין נייע מאשינען, ווען מען בענוצט זיך מיט געוויסע ערפינדונגען אין דער ארבייט, דאן טראכט מען גאָרניט וועגען דעם שאדען וואָס דיעזע איינריכטונגען, וואָס דיעזע מאשינען וועלען בריינגען צו טויזענדער בעל מלאכות. קיינער פארקלעהרט זיך גאָרניט אזוי ווייט. מען קען זיכער זאָגען אז ווען ווער עס איז זאָל יא אין זיינע געשעפטען בעדיינקען און רחמנות האָבען אויף אנדערע מענשען, וואָלט מען איהם אָנגענומען פאר משוגה. אזוי ווייט איז דער עגאאיזמוס אין אונזער טעגליכען לעבען. דער ערשטער פסוק פון היינטיגער צייט איז: „וואָס זאָל איך זאָרגען פאר אנדערע, אבי מיר איז גוט".

אָבער וויא מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, טראָטץ דיעזען שרעקליכען עגאָאיזמוס זעהען מיר דאָך, וויא דער פּרינציפּ פון קאמוניזמוס, ד. ה. דער מאכען געוויסע איינריכטונגען פאר'ן קלל, וואָרצעלט זיך אלץ טיעפער און טיעפער איין אין אונזער געזעלשאפט. ווייל דיא איינציגע מענשען זעהען איין דאס נור אויף אזא אופן וועלען זיי דאָס אויך קענען געניסען. אלץ אָפטער און אָפטער זעהען מיר, וויא מענשען פעראייניגען זיך און מאכען יד אחת. יעדען טאָג גרינדען זיך אלץ נייע חברות, און מיט יעדען טאָג פערשטארקט זיך דער געדאנק אז דיא רעגיערונג פון שטאדט אָדער לאנד (לויט וויא עס פאָדערט זיך

דאָרף ווערען דיא אמתע פערוואַלטערען איבער דיא זאכען וואָס יעדערער נויטהיגט זיך אין דעם.

ווער וואָלט צום ביישפּיעל מיט הונדערט יאָהר צוריק געקענט פאראויס זעהען, אז עס וועלען זיך גרינגדען אזוי פיעל פערשיעדענע פעראיינען, פיר געגענזייטיגע הילפע, ווער האָט גאָר געקענט קלעהרען וועגען אזא וואונדערליכע זאך וויא אונזער פּאָסט, ווער האָט זיך גאָר געקענט פאָרשטעלען אז מען קען האָבען אזעלכע האפענס, מערק, שטאָטישע געז לייכטונגען, עלעקטרישע בעלויכטענע סטריטען, וואסער לייטונגען, קאנאלען שטאָטישע פייערלייטע, פארקען, פּאָלק שוהלען, הייזער פאר אָרעמע און אלטע, האָספּיטעלער פאר קראנקע, פּאָלקס בעדער, און עהנליכע אנשטאלטען. אין דיא אלע איינריכטונגען, וועלכע זיינען ניט געגרינדעט געוואָרען צו מאכען פּראָפיטען, זעהען מיר וואָרצלען פון קאמוניזמוס. מען האָט אָפט געהאט א שווערען קאמפּף זיי איינצופיהרען, עס איז אָבער דאָך געלונגען זיי צו ברייגנען און האלטען אין לעבען.

וויא שטארק אלזאָ מאנכע אונוויסענדע מענשען זאָלען ניט זידלען דיא סאָציאליסטען, דיא קאמוניסטען, מוז מען דאָך צוגעבען אז זייערע פּרינציפּען ווערען אלץ מעהר אויפגענומען און איינגעפיהרט אין לעבען, מיר זיינען אָהנע שום צווייפעל אויף דעם וועג צום סאָציאליזמוס.

דער יעניגער וועלכער ערקלעהרט דאס ער האסט דעם קאָמוניזמוס, זאָגט אויך דערמיט, אז ער איז געגען אלעם וואָס איז ניצליך פיר דיא גאנצע געזעלשאפט. דער וואָס וויל אָפּשאפען דעם פּרינציפּ פון קאמוניזמוס, דער, מוז אָנפאנגען אָפּשאפען דיא פּארקס, דיא בולווארען, דיא וואסער לייטונגען, דיא שוהלען, דיא האָספּיטעלער, און זאָגאר דיא פּאָבליק סטריטען. דען דיא אלע איינריכטונגען זיינען שטיקער קאמוניזמוס. אָפּשאַפען קאמוניזמוס, הייסט, אָפּשאפען אלע דיא איינריכטונגען וועלכע מאכען אונזער לעבען גליקליכער, וועלכע מאכען אונזער לעבען לייכטער און בעסער.

מען קען זיין זיכער, אז פריהער אָדער שפּעטער וועלען אָנקומען אזעלכע צייטען, ווען דער עגאָאיזמוס וועט פארשוואונדען ווערען, און דער געפיהל פאר דיא אלגעמיינע אינטערעסען וועט פארנעהמען זיין פּלאַץ,— ווען עס וועט געטהאָן ווערען בלויז דאָס, וואָס וועט פארגרעסערען דעם גליק פון גאנצען כלל און ניט בלויז פון איינצעלנע פּערזאָנען.

היינט ווען א טבואה־סחור פערשליסט זיינע סקלאַדען און לאָזט דאָס פאָלק הונגערען, אום נאכהער צו רייסען פון זיי הויכע פרייזען פאר ברויט,— היינט ווען א פאבריקאנט לאָזט זיין סחורה בעסער פארפוילט ווערען, אבי זיי ניט צו פארקויפען פאר ביליגע פרייזען, — היינט ווערט דאָס אלעס גערעכענט „וויא עס דארף צו זיין“. יעדער איינער זעהט אָבער, אז אזא מין פיהרונג איז שעדליך פאר'ן כלל, און אז עס מוז קומען א צייט ווען דאָס פאָלק וועט פארשטעהן, וויא איינצוהאלטען אזא עגאָאיזמוס, און וועט איינפיהרען בלויז אזעלכע איינריכטונגען, וועלכע זאָלען נוצליך זיין פאר אלעמען. דאן וועלען אלע לעבען גליקליכער וויא היינט, חוץ אפשר דיא, וואָס לעבען יעצט אין לוקסוס פון אנדערענס שוויים.

יא, וועט דער לעזער פיליייכט אויסשרייען, „אויב עס איז אזוי וויא איהר האָט דאָ פאָרגעשטעלט זיינען מיר נאטירליך אויך קאמוניסטען. מיר האָבען אָבער געהערט ווענען א גאנץ אנדער סאָרט קאמוניזמוס, וועלכען דיא סאָציאליסטען ווילען איינפיהרען — דעם קאמוניזמוס נעמליך, וועלכער וויל אָפּשאפען אייגענטהום, און איינפיהרען שלי שלך שלך שלי, — אָט גענען דעם זיינען מיר דאָס אויפגעבראכט“.

דיא סאָציאליסטען, זאָגט איהר אלזאָ, ווילען אָפּשאפען אייגענטהום. וואָס איז דאָס אָבער אייגענטליך אייגענטהום אזוינס?

דאָס וואָס יעדער האָט, וואָס יעדער בעזיצט.

מיר פרעגען אָבער ווידער, וואו האָט איהר לעזער נעטראָפען כאָטשי איין סאָציאליסט אָדער איין סאָציאליסטישע שריפט וואָס זאָל פריידיגען, אז מען זאָל ביי חיים'ען אָדער בער'לען צו נעהמען דאָס וואָס זיי פארמאָגען?

ווען מען זאָל זיך גוט ארומקוקען, וואו דער אָדער יענער מיליאָנער האָט נעקראָגען זיין רייכטהום, וואָס פאר שווינדלען אָדער פאלשקייטען ער האָט דערביי אָנגעווענדעט, וויא פיעל מענשען ער האָט דערביי אומגליקליך געמאכט — ווען מען זאָל דאָס אלעס בעטראכטען, וואָלט אפשר טאקע געווען מעהר ניט וויא רעכט מען זאָל פון זיי צונעהמען זייערע עשירות און דאָס בענוצען פאר'ן גאנצען כלל. דיא סאָציאליסטען האָבען אָבער דאָס קיין מאָהל ניט אזוי גאָר פשוט געפריידיגט. זיי אינטערעסירען זיך זעהר וועהניג דערמיט. דיא סאָציאליסטען האָבען איבערהויפט גענען יחידים גאָרניט. זיי ווילען ניט צונעהמען פון דעם אָדער יענעם איינצעלנעם מיליאָנער זיין

עשירות פיר אנדערע, נור זיי ווילען בלויז איינפיהרען אזא געזעלשאפט, וואו קיינער זאָל ניט קענען אריינכאַפען קיין פרעמדע פערהאָרעוועטע פראצע.

מען זאָגט אפילו אז סאָציאליסטען ווילען צונעהמען און בערויבען דאָס אייגענטהום פון קליינע פארמערס און סתם ביזנעסלייט. דאָס איז אָבער ניט אמת. אויב עס איז דאָ יעמאנד, וואָס טהוט דיעזעס, זיינען דאָס געוויס ניט קיין סאָציאליסטען, ניט זיי ברייננגען דעם פארמער צו אזא טרויעריגע לאגע אז ער פארזעצט אָדער פערקויפט פאר גאָרניט זיין שטיקעל לאנד. און ניט דיא סאָציאליסטען בריינגען אריין אין ביזנעס אזא קאנקורענציע, אז דער קליינער געשעפטסמאן מוז פארקויפען זיין שאפּ אָדער סטאָר און ווערען א לאָהן ארבייטער.

וויא מיר האָבען שוין געזאָגט, אינטערעסירען זיך דיא סאָציאליסטען ניט, פיעל איינער פארמעגט, זיי האָבען גאָרניט דאַגעגען ווען איינער בעזיצט אפילו מיליאָנען, זאָל ער זיי האָבען און זיי פארשכור׳ען, פערהולטייעווען, זאָל ער טהון מיט זיי וואָס ער וויל. דיא זאך וואָס אינטערעסירט דיא סאָציאליסטען איז, וויא אזוי דער מיליאָנער איז אימשטאנד מיט זיינע מיליאָנען אריינצוקריגען נייע מיליאָנען, דורך דעם בעשעפטיגען ארבייטער און דורך וועמעס פראצע דיא נייע מיליאָנען ווערען געשאפען. וואָס דיא סאָציאליסטען ארט איז וויא אזוי דער רייכער מאכט מיט זיין רייכטהום א מין בריק איבער וועלכען ער ציהט אריין צו זיך אין קעשענע דיא ארבייט פון מיליאָנען פלייסיגע מענשען. וועהרענד ער אליין לייגט צו דיא ארבייט קיין פינגער ניט צו, מיט זיין אייגענטהום רויבט דער רייכער אוועק דיא ארבייט פון טויזענדער אָרעמע. דער רייכער בענוגענד זיך ניט מיט דאָס וואָס ער האָט, זאָנדערן ער מאכט פון זיין פערמעגען א קאפּיטאל, ד. ה. ער עפענט פאבריקען און דינגט אָן ארבייטער וועלכע קענען אליין אזעלכע פאבריקען ניט האָבען, און דאָרטען צאָהלט ער זיי בלויז אָב א קליינעם טהייל — אפשר א פיערטעל — פון דאָס, וואָס זיי טהוען אויף און דיא איבעריגע בלייבט ביים רייכען, ביי׳ן קאפּיטאליסט. אָט אין דעם ליגט דיא גאנצע צרה פון דיא היינטיגע צייטען. דער טויטער פארמעגען זייגט אויס פון דיא לעבעדיגע ארבייט, איהרע פריכטע, און דערפון קומט ארויס אלע געזעלשאפטליכע אונגליקען.

מיר זעהען אלזאָ, אז דער רייכער קאָן פערגרעסערען זיין

פארמעגען בלויז דורך דעם, וואָס ער נעהמט צו דעם גרעסטען חלק פון דיא ארבייטערס פראצע. צו וועמען אלזאָ, דארפען בעלאנגען דיא רייכטהימער וואָס דיא ארבייטער האָבען מיט זייער פראצע אליין געשאפען? גאַנץ נאַטירליך דעם ארבייטער גופה. דיא פריכטע פון זיינע ארבייט זיינען על־פי יושר זיין הייליגער אייגענטהום. וויא פיהרט זיך אָבער היינט? היינט רויבט דער קאפיטאליסט אוועק פון ארבייטער דעם גרעסטען טהייל פון זיין פראצע, פון זיין הייליגע אייגענטהום. דער אר־בייטער בעקומט דערפון בלויז אזא קליינעם טהייל, אז ער קאן זעלטען פיהרען אן אנשטענדיגען לעבען.

פון וואנען נעהמט אָבער דער קאפיטאליסט דאס רעכט צו צו נעהמען א גרויסען טהייל פון דעם ארבייטערס אייגענטהום? מיט וואָס איז דער קאפיטאליסט'ס רויבעריי בעסער פון א שקלאפען־האלטער, וועלכער רויבט אוועק דיא הייליגע נאַטיר־ליכע אייגענטהום פון זיינע שקלאפען? אין עיקר זיינען זיי איי־גענטליך גלייך. דער קאפיטאליסט לעבט היינט אין לוקסוס דורך דעם, וואָס ער בערויבט זיינע ארבייטער, פונקט אזוי וויא דער שקלאפען האלטער האָט געלעבט אין לוקסוס פון דיא שינ־דעריי פון זיינע שקלאפען אָדער לייב־אייגענע. און אזוי וויא דיא סיסטעמע פון שקלאפעריי און דיא סיסטעמע פון פאנשטשונע זיינען געפאלען, אזוי וועט אויך דיא קאפיטא־ליסטישע רויב סיסטעם אָבגעשאפט ווערען. און אנשטאט דעם וועט איינגעפיהרט ווערען אזא סיסטעם וואו דער ארבייטער וועט קריגען דיא פולע פרוכט פון זיין ארבייט. וואו קיינער וועט פון איהם זיין אייגענטהום ניט קענען אוועקנעהמען.

מיר האָבען פאר אונז א קאפיטאליסט און אן ארבייטער וועלכע שטעהען איינער געגען דעם אנדערען און ריידען:

דער קאפיטאליסט זאָגט:—„אזוי וויא אָהן מיין קאפיטאל, אָהן מיינע מאשינען און פאבריקען קענסט דוא ארבייטער, ניט אויסקומען, וויל איך האָבען א גרויסען טהייל פון דאָס וואָס דו שאפסט.

דער ארבייטער ענטפערט:— אין גרונד גענומען האָב איך דאָך דיין קאפיטאל אליין בעשאפען, מיט מיינע ארבייט האָב איך דאָך דיר אויסגעבויט דיא מאשינען, פאבריקען און גע־בראכט דאָס רייכטהום צו איהר ריכטיגען פלאץ, איך האָב גע־שאפען אלע רוי־מאטעריאל צו איהר ריכטיגען פלאץ, איך האָב געשאפען אלע אוצרות, וועלכע דו האָסט. אָבער איין מאָהל

איז דער קאפיטאל דיין אייגענטהום, האלט זיך דערמיט, איך וויל פון דיר דאס ניט אבנעהמען, ווען דו ווילסט אבער צוליעב דעם וואס דו האסט קאפיטאל, יעדען טאג ווייטער צונעהמען דעם גרעסטען טהייל פון מיין ארבייט, זאלסטו ניט פארגעסען, אז דיין האנדלונג וועט מיר סוף כל סוף אזוי אויפבריינגען אז איך וועל צונעהמען פון דיר דיין גאנצען קאפיטאל, ווייל איך האב איהם אייגענטליך אויסגעארבייט און דו האסט אפילו דער־צו קיין פינגער ניט צוגעלייגט. דעריבער לאז מיר וועהניגס־טענס, אז דאס וואס איך ארבייט אויס פון דאס נייע, זאל אין גאנצען געהערען צו מיר.

נון, ווער, ליעבער לעזער איז פון זיי ביידען גערעכט? ווע־מעס פאדערונגען זיינען עהרליכער? מיט וועמען פון זיי דארף מען סימפאטהיזירען?

דיא סאציאליסטען שטעהען אויף דעם ארבייטערס זייט. און צוזאמען ווילען מיר אז דער ארבייטער זאל בלייבען ביי זיין אייגענטהום, אז קיינער זאל ניט האבען דאס רעכט פון איהם דאס אוועקצורויבען.

ארבייטען קען יעדער ווער עס איז נור געזונד, און ווער עס וויל ניט ארבייטען, האט אויך קיין רעכט ניט צו געניסען דיא פרוכט פון פרעמדע ארבייט.

מען קאן אבער זאגען אז דער קאפיטאליסט ריזיקירט דאך מיט זיין קאפיטאל, מיט זיין פערמעגען, ווען דיא געשעפטען געהען שלעכט קאן ער דאך זיין גאנצען אייגענס פארלירען, און דארום האט ער דאס רעכט צו פאדערען א טהייל פון ארבייטערס ארבייט, אלס א פראפיט. דער ענטפער אויף דעם איז: אז ערשטענס געהט דאס דעם ארבייטער ניט אן. דיא ריזיקע קומט ארויס דערפון וואס דיא קאפיטאליסטען אליין ריי־סען זיך ארום, און פיהרען צווישען זיך א שטענדיגע מלחמה וועלכע מען רופט קאנקורענץ. דיא קאנקורענץ ווי־דער קומט ארויס דערפון, וואס יעדער קאפיטאליסט פאבריצירט סחורה, ניט קוקענדיג און ניט וויסענדיג צו מען דארף גאר זיין סחורה צו ניט. צו עס איז שוין דא גענוג אויף דעם מארק אדער ניט. חוץ דעם, ריזיקירען בלויז יחידים, דער גאנצער כלל קאפיטאליסטען הויבען גארניט אן צו ריזיקירען. זיי בכלל ווערען וואס פון טאג רייכער.

אויסער דעם ריזיקירען דען ניט דיא ארבייטער פונקט אזוי וויא דיא קאפיטאליסטען? אז דיא געשעפטען געהען שלעכט,

פארלירען זיי זייער ארבייט און מוזען ליידען הונגער און נויטה. און דאס איז נאך ניט אלעס, יעדען איינציגען יאהר ווערען אויף דיא אייזענבאהנען, אין דיא פאבריקען און אין דיא מינען גע־הרג'עט און צו געקאלעטשעט פיעל מעהר ארבייטער, וויא פיעל עס זיינען געהרג'עט און צוגעקאלעטשעט געווארען אין פערלויף פון דיא גאנצע פאאר יאהר פון דיא אמעריקאנער בירגער קריעג! איז דאס דען א קנאפע ריזיגע?

איצטער קומט אבער דיא פראגע וויא זאל מען דאס אלעס ענדערען?

פריהער פון אלעם מוזען מיר קלאהר מאכען, אז דיא סאצי־אליסטען ווילען ניט איבער מאכען דיא גאנצע געזעלשאפט פלוצלונג, אין איין מעת־לעת. ניין, זיי זאגען אז דיא היינטיגע געזעלשאפט ענדערט זיך לאנגזאם, פון זיך אליין, און אזוי וויא קיינער קאן ניט הינדערן דעם זומער קומען נאך דעם ווינטער, אזוי איז קיין זאך ניט אימשטאנד אפצוהאלטען דיא אומענדע־רונג פון דיא געזעלשאפט און מיט געוואלט אויפהאלטען דיא יעצטיגע סיסטעם.

וויא אזוי ערקלעהרט זיך דאס?

ביז נאך פאר א קורצער צייט איז דער גרעסטער טהייל פון אונזער געזעלשאפט בעשטאנען פון מיטעל־קלאס, ד. ה. פון מענשען, וועלכע האבען זעלבסטשטענדיג פערדינט זייער חיונה, וויא צום ביישפיעל בעל־מלאכות, פארמער, קליינע הענדלער, און אנדערע קליינע מענשען, מיט דיא ערפינדונג פון מאשינערי האבען זיך גלייך אנגעהויבען צו ענטוויקלען גרויסע פאבריקען, גרויסע געשעפטען און אפילו לאנד ארבייט האט מען אויך אנ־געהויבען צו פיהרען אויף א גרויסען שטייגער. דער פועל יוצא הערפון איז געווען דער, אז דיא אלע קליינע בל־הבתים האבען ניט געקענט אויסהאלטען דיא קאנקורענץ מיט דיא גרויסע קאַ־פיטאליסטען וועלכע קענען מיט זייערע גרויסע און קינסטליכע מאשינען אלעס מאכען ביליגער און בעסער.

דיא לאגע פון דיא מיטעל קלאס מענשען האט זיך דערפון אזוי פארערגערט, אז פיעלע פון זיי האבען פארקויפט אדער פארלארען זייער ביסעל אייגענטהום און זיינען אליין געווארען לאהן ארבייטער.

דיעזער אונטערגאנג פון דיא מיטעל־קלאס געהט נאך אן ביז היינט צו טאג. נאך היינט מאטערען זיך דיא פארמער מיט דיא לעצטע קרעפטען וויא עס איז אויסצוהאלטען דעם

קאמפף מיט דיא גרויסע קאפּיטאליסטישע לאנד בעזיצער, מען קאָן אָבער זיכער זאָגען, אז אזוי וויא דער בעל־מלאכה האָט זיך געמוזט אונטערגעבען, אזוי וועט אויך דער פארמער און אלע איבעריגע קליינע מענשען מוזען איבערלאָזען זייער פּלאץ פאר דעם גרויסען קאפּיטאליסט.

צווישען דיא גאָר גרויסע קאפּיטאליסטען ווערט אויך גע־פיהרט א קאמפּף, זיי קאנקורירען אויך איינער מיט'ן אנדערען און דאָס בריינגט ווידער דערצו אז דיא פעטערע שלינגען איין דיא מאָגערע, און דיא צאָהל פון דיא ביי וועמען עס בלייבט היינט דיא גאנצע עשירות פון לאנד ווערט אלץ קלענער און קלענער. א קליינע צאָהל טראָסט מאגנאטען קאנטראָלירען היינט דיא וויכטיגסטע אינדוסטריען פון לאנד. פון דער אנדער זייט ווערען אלץ מעהר און מעהר מענשען אראָפּגעבראכט אין דעם לאגער פון לאָהן־ארבייטער. דיא צאָהל פון דיא פּראָלעטא־ריער, ד. ה. פון דיא מענשען וועלכע האָבען אליין קיין אייגענ־טהום ניט, און מוזען זיך דעריבער פארקויפען צו ארבייטען ביי אנדערע, דיא קלאס מענשען ווערט אלץ גרעסער און גרעסער.

אויף דיעזען אופן דערנעהנטערן מיר זיך צו אזא פונקט ווען דיא גאנצע געזעלשאפט וועט זיין צוטהיילט אויף צוויי פיינד־ליכע לאגערען: פון איין זייט וועלען זיין מיליאָנען ארבייטער וועלכע האָבען גאָרניט. און פון דער אנדער זייט א הייפעלע קאפּיטאליסטען וועלכע האלטען אין זייערע הענד אלע רייכטהי־מער פון לאנד. קיין בעדייטענדע מיטעלקלאס וועט ניט זיין, און צו אזא פונקט קומען מיר, מיט דיעזען שריט.

וואָס נעהנטער מיר קומען אָבער צו דיעזען פונקט, הויבען אלץ אָן דיא ארבייטער שטארקער צו פיהלען זייער יעצטיגע אומגליקליכע לאגע, און הויבען אָן צו זוכען אירגענד וועלכע גאולה פון זייערע צרות. ווען מיר וועלען שוין האלטען ניט ווייט פון יענער צייט, ווען דיא גאנצע וועלט — אויסער א קליינע צאָהל ליידיג־געהער, וועט שוין בעשטיין פון נוצליכע פיהלענ־דע און פארשטענדיגע, — נור פערשקלאפטע ארבייטער, דאן וועט דער סאָציאליזמוס ארויפקומען צו אונז וויא א משיח און ראטעווען אונזער גאנצע געזעלשאפט, פון איהר ווילדען באר־בארישען צושטאנד.

דיא ארבייטער וועלכע ווערען אלץ מעהר און מעהר אריינ־געטריעבען פון דיא דערפער און דיא גרויסע שטעדט, וועלען קומען צום שכל, אז זיי קענען גאנץ גוט אויסקומען אָהן דיא

קאפיטאליסטען, אז זיי דארפען גארניט אבגעבען דעם גרעסטען טהייל פון זייער פראצעס צו א הייפעלע לײדיג־געהער, אז זיי קענען זיך ארגאניזירען גאנץ גוט אליין און ארבייטען צוזאמען אויף דעם אייגענעם רעכענונג — פאר זיך.

אזוי אבער וויא אהן לאנד, אהן מאשינען און אהן דיא געביידעס וועלען זיי גארניט קענען מאכען, וועלען זיי געווים זיך בענוצען מיט דיא לאנד מאשינען און געביידעס וועלכע האבען שוין פון פריהער עקזיסטירט, און וועלכע זיי האבען אליין בעארבייט און געשאפען. פאר דער הייפעלע קאפיטאליסטען וועט דאן איבערבלייבען צוויי ברירות: זיי וועלען ענטוועדער מיט גוטען אוועקגעבען דיא לאנד און מאשינען, אדער זיי וועלען זיך שטיצען אויף דיא מאכט פון פאליציי און סאלדאטען און וועלען מיט געוואלד ארויסטרעטען געגען דעם ווילען פון פאלק. דאן וועט נאטירליך דאס פאלק, וועלכע וועט בעשטעהען אמייסטען פון סאציאליסטען, זיי מוזען מיט געוואלד צווינגען נאכצוגעבען, פונקט אזוי וויא דאס אמעריקאנער פאלק האט מיט געוואלד געצוואונגען דיא פריצים פון דער סאוטה, צו בעפרייען דיא נעגער שקלאפען.

דאס פאלק וועט דאן איינפיהרען א נייע סיסטעם, א סאציאליסטישען געמיינשאפטליכען צוזאמענלעבען. דיא ארבייט וועט געפיהרט ווערען מיט א פלאן, מען וועט שאפען ניט מעהר און ניט וועהניגער וויא מען בעדארף, און ניט אזוי וויא היינט, וואו יעדער קאפיטאליסט זעהט מען זאל ביי איהם אויסארבייטען סחורות ניט קוקענדיג צו עס איז שוין דא אויפן מארק צופיעל אדער ניט.

אלע איבעריגע אוננויטהיגע ארבייט, וויא אדווערטייזען, פיהרען געלד געשעפטען און ספעקולאציעס וועלען נאטירליך אבגעשאפט ווערען. מען וועט ארבייטען אין דיא זעלבע פאבריקען וואס עס עקזיסטירען היינט. אזוי ווי זיי וועלען ניט בעלאנגען צו איינציגע פערזאנען, וואס האלטען זיי בלויז צוליעב פראפיט, וועט מען זיי געווים פיעל אויסבעסערען, מאכען לופטיגער, ריינער און געזינטער, מען וועט בעשיצען דיא ארבייטער פון אלע געפאהרען, יעדער וועט ארבייטען אבער ניט איבער דיא כחות, יעדער וועט האבען גענוג צייט פאר בילדונג און פערגעניגען. דאן וועט פון דיא יעצטיגע גהינם־וועלט ווערען א גן־עדן התחתון, און פרידען וועט אנהויבען צו הערשען אויף דיא

גאַנצע וועלט. אַלע וועלען ארבייטען צוזאמען. יעדער וועט זעהן צו פארגרעסערן אלעמענס גליק, און אלע וועלען זאָרגען פיר יעדען איינציגען.

דער עיקר פון דיא סאָציאַליסטישע סיסטעם איז דער, אז אלע לאנד און מאשינען, און איבערהויבט אלץ וואָס איז נויטהיג צו פראָדוצירען און פערנאנדערצופיהרען דאָס וואָס ווערט געשאפען, זאָל געהערען ניט צו איינציגע פערזאָנען, נור צום גאנצען פאָלק. פונקט אזוי וויא איצטער געהערען צום פאָלק דיא שוהלען, מוזעאומס, פארקס, דיא פאָסט, א. ז. וו. פון דער אנדער זייט וועט אלעס וואָס יעדערער געברויכט און פאַפּצעהרט, בלייבען זיין היילינע פריוואט אייגענטהום.

אזוי שטעלען זיך דיא סאָציאליסטען אין אלגעמיין פאָר דיא צוקונפט. קיינער קאָן ניט פאראויס זאָגען דיא איינצעלהייטען פון דעם, וויא דאמאָלסט וועט אלעס זיין איינגעאָרדענט. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. ווען דער ענגלישער אינזשענער סטיוועגסאָן האָט מיט 80 יאָהר צוריק אונטערנומען צו בויען דיא ערשטע אייזענבאהן, האָט ער זיך געוויס ניט געקענט פאָרשטעלען דיא איינצעלהייטען פון אלע אויסבעסערונגען, וועלכע מיר זעהען היינט אין דיא לאָקאָמאָטיווען, שינעס, סיגנאלען, אָדער אין דיא קארס, דאָס האָט ער ניט געקענט פאראויסזעהן, דער עיקר פון זיין געדאנקען איז אָבער געווען ריכטיג. ערשט נאָכדעם וויא מען האָט שוין דיא ערשטע אייזענבאהן אויפגעבויט, האָט מען שפעטער, ביסלעכוויים, איינגעפיהרט פיעלע נייע אויסבעסערונגען. אזוי איז עס אויך מיט דיא סאָציאליסטען. זיי ברעכען זיך ניט דעם קאָפּ אויסצוקלעהרען וויא וועט מען דיא אָדער יענע קליינינקייטען איינאָרדנען אין א סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

קוים איז נור דער עיקער פון זייער אידעע ריבטיג און געבויט אויף דעם נאטירליכען גאנג פון דער געזעלשאפט גופה, וועט שוין דער סאָציאליזמוס מקיום ווערען, און דיא מענשען וועלען צו יעדער צייט געפינען מיטלען וויא אמבעסטען אלע קליינינקייטען איינצואָרדנען.

דער עיקור פון סאָציאליזמוס איז אלזאָ דאָס, וואָס איז גוט פאר דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון גאנצען פאָלק.

עס איז געוויס א גרויזאמע אונרעכט אז מיליאָנען מענשען זאָלען ארבייטען זייער גאנצען לעבען בלויז אום אויפצוהאלטען אין לוקסוס א הייפעלע ליידיג-געהער.

קיין פערשטענדיגער מענש קען ניט בעשטרייטען, אז ווען דיא ארבייטער וועלען איבערנעהמען דיא ארבייט אין זייערע אייגענע הענד, און דורך דעם אומשטאנדע זיין צו געניסען דיא פולע פרוכט פון זייער ארבייט; ווען מיליאָנען מענשען וועלען ניט מעהר דארפען ארבייטען פיר דיא נוצען פון א הייפעלע ליידיג-געהער. ווען דיא וועלט וועט אייגענטליך בעשטעהן פון מענשען וועלכע וועלען שאפען אלעס ניצליכעס און שעהנעס פאר אלעמען, נור דאן וועט דיא מענשהייט ענדליך צוקומען צו דעם צושטאנד פון פריעדען און גליק וועלכע זיא האָט אזוי לאנג געזוכט.

עס איז שוין היינט א גאנץ גרינגע זאך פאר שכלדיגען מענשען זיך צו איבערצייגען אז מען קאָן אָנפיהרען דיא גרעסטע אינדוסטריען אָהנע קאפיטאליסטען, אז מען קאָן דורכפיהרען דיא גרעסטע אונטערנעהמונגען אָהנע דיא „קאפיטאנען פון דער אינדוסטריע“— וויא פיעלע קאפיטאליסטען רופען זיך.

אונזער פּאָסט אָפיס איז ניט געגרינדעט געוואָרען פיר דעם צוועק אז געוויסע קאפיטאליסטען זאָלען האָבען א פּראָפיט. דאָך ווערען הונדערטער טויזענדער מענשען ביי דעם בעשעפטיגט און אלעס געהט צו בעקוועהם און פלאנמעסיג, און דער פּובליק האָט דעם בענעפיט פון יעדער פארשפּאָרונג פון יעדער ערפינדונג.

עס פארשטעהט זיך אז אלעס געהט נאָך ניט צו אזוי גוט וויא עס קאָן זיין, עס זיינען צ. ב. בעשעפטיגט פיעלע וועלכע קריגען צופיעל בעצאָהלט און פיעלע וועלכע קריגען צו וועהניג, אָבער אין דעם איז ניט שולדיג דער פּרינציפּ אויף וועלכע דיא אונטערנעהמונג איז געגרינדעט, נור דער פאקט אז מיר לעבען אין א קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט און איהרע אונגלייכהייטען שפּיגלען זיך אויך אָפּ אין פּובליק-זאכען. מען קאָן אָבער דיא פּאָלקס זאכען פיעל אויסבעסערען און זיי פיהרען אויף אן אמת סאָציאליסטישען אופן.

פונקט אזעלכע בעקוועהמליכקייטען וואָס מיר האָבען פון דיא פּאָסט, וואָלטען מיר געקענט האָבען, ווען אלע אנדערע געשעפטען זאָלען איבערגעהן צום פאָלק, און ניט עקזיסטירען בלויז דערפאר, וואָס קאפיטאליסטען ווילען מאכען פּראָפיט דערפון.

דערמאָהנט זיך נור דיא אַלע צרות, וועלכע קומען ארויס דערפון, וואָס דיא אייזענבאהנען זיינען געבויט געוואָרען מיט קיין אויסזיכט פאר זייער נוצליכקייט, נור איינפאך אום צו קאָנ־קורירען מיט אנדערע ליניען. אַלע אייזענבאהן קאָמפּאניעס זיי־נען גאנץ גלייכגילטיג צו דיא טויזענדער אונגליקס־פעלע וועל־כע פאסירען יעדען יאָהר, דער לעבען פון א מענשען, האָט ביי זיי קיין ווערדע ניט, ווען נור דיא רעטונג פון זיין לעבען קען מינדערען דיא פּראָפיטען פון דער קאָמפּאניע. דיא באהן קאָמ־פּאניעס זיינען דיא לעצטע צעהנדליג יאָהרען געוועזען דיא וויכ־טיגסטע אויפבויער פון טראָסטס און דיא רואינירער פון דעם קליינעם געשעפטסמאן, דורך דעם וואָס זיי האָבען געמאכט בעזונדערע פרייזען צו פיהרען דיא סחורה פאר דיא טראָסטס און פאר'ן קלענערען אייגענטהימער — נאַטירליך ביליגער פאר דיא ערשטע און טהייערער פאר דיא צווייטע.

זאָלען דיא אייזענבאהנען איבערגעהן צום פאָלק און מיר וועלען פון זיי האָבען דיא זעלבע בעקוועהמליכע בעהאנדלונג וויא מיר האָבען פון דער פּאָסט.

עס איז איבעריג צו ברייננען נאָך ביישפּיעלע, יעדער איינ־ציגער קאָן פון דאס פריהער געזאָגטע אליין איינזעהן אז דער פּרינציפּ פון סאָציאַליזמוס ענטהאלט אין זיך א סך אזעלכע גוטע זאכען וועגען וועלכע דער גרעסטער טהייל פון פאָלק וויים היינט גאָרניט.

אָט דיעזער פונקט פון סאָציאַליסטישען פּראָגראם, ד. ה. דער פונקט אז אלע מיטלען מיט וועלכע ארטיקלען ווערען פּראָ־דוצירט און אריבערגעפיהרט פון איין אָרט צום אנדערען, זאָלען געהערען צום פאָלק, לאָזט דיא קאפּיטאַליסטען ניט רוהען. מיט איין קול שרייען זיי, אז דיא סאָציאַליסטען ווילען אוועקרויבען פון קליינעם בעל מלאכה און פארמער זיין אייגענטהום. וואָס פאר א געמיינער ליגען!

ניט דיא סאָציאַליסטען בערויבען זיי, נור דיא גרויסע קאפּי־טאַליסטען, דיעזע רויבעריי שטאמט פון דיא היינטיגע קאנקו־רענץ און קאָן ניט אָבגעשאפט ווערען, סיידען דיא גאנצע קא־פּיטאַליסטישע סיסטעם וועט אָבגעשאפט ווערען.

גאָר אָהן אן אָפּהאלט פערשלינגען דיא גרויסע קאפּיטאַלען דיא קלענערע. יעדען טאָג פאלען אריין אין דיא הענד פון דיא גרויסע קאפּיטאַליסטען דאס אייגענטהום פון דיא קליינע בעל־הבתים. און דאך זיינען דיעזע קאפּיטאַליסטען, וועלכע ווענדען

אָן אלע שענדליכע מיטלען אום צו רואינירען דעם קליינעם קאפּיטאליסט, אזוי אונפערשעהמט צו זאָגען, אז דיא סאָציאַ־ליסטען ווילען בערויבען דעם קליינעם קאפּיטאליסט.

דיא סאָציאליסטען ווייזען בלויז אויף דעם וועג, וויא אזוי נאָך דיא היינטיגע פיהרונג וועט פריהער אָדער שפּעטער מוזען קומען אזא צייט ווען פון קליינעם פאבריקאנט, פון קליינעם הענדלער און פארמער וועט קיין זיכר ניט בלייבען, און אז דאַן, ווען דיא גאנצע וועלט וועט בעשטעהן פון לאָהן־ארבייטער, וועט זייער איינציגע גאולה זיין, צו צונעהמען דיא לאנד און מאשינען פון דיא הייפּעלע לעדיגגעהער און ארבייטען פיר זייערע אייגענע אינטערעסען. מען וועט אוועקנעהמען דאס אייגענטהום פון דיא הייפּעלע וועלכע האָט ביז יעצט אָהן רחמנות בערויבט דיא גאנצע מאסע.

דיא סאָציאליסטען זיינען איבערהויפּט ווייט פון אָפּשאפען אייגענטהום. זיי ווייזען בלויז אויף, אז דיא צייט איז נאָהענט, ווען דיא גאנצע ארבייטערשאפט וועט מיט איין קול פערלאנגען אליין צו געניסען דיא פריכטע פון זייער ארבייט, און ניט טהיי־לען דאס מיט לײדיג־געהער. דאן וועט דיא קאפּיטאליסטישע פאָרמע פון אייגענטהום, דאָס אייגענטהום וועלכע בערוהט אויף אויסזויגען דעם אנדערענס ארבייט, אָבגעשאפט ווע־רען און אנשטאט דעם וועט איינגעפיהרט ווערען א נייע פאָרמע פון אייגענטהום. אן עהרליכע, וועלכע בערוהט אויף אייגענע פּראצע.

דיא וועלכע ריידען וועגען אויפהאלטען אויף אויביג דיא יעצטיגע פאָרמע פון קאפּיטאליסטישע אייגענטהום, צייגען נור ארויס זייער אונוויסענהייט און זייער בלינדען פעראורטהייל געגען סאָציאליזמוס. ווייל דער אמת איז, אז דיא פאָרמע פון אייגענטהום האָט זיך שוין פיעל מאָהל געביטען, און וועט זיך נאָך בייטען. פארצייטען האָט עקזיסטירט א שקלאפען אייגענ־טהום, ד. ה. איין מענש האָט געקענט האָבען אן אנדער מענשען אלס זיין פריוואט אייגענטהום. נאכהער אָבער האָט זיך דיא שקלאפען אייגענטהום אומגעענדערט אין פאנשטשונע אייגענ־טהום (לייב אייגענטהום) וואו דער בויער האָט שוין ניט דירעקט געהערט צום פּריץ, נור ער איז געווען צוגעבונדען צום פּריץ'ס לאנד. דורך דיא לאנד איז ער אָבער דאָך געבליעבען דאָס איי־גענטהום פון פּריץ. דער פּריץ האָט צום ביישפּיעל ניט גע־טהאָרט טויטען דעם בויער, אָבער ער האָט איהם געקענט פאר־

קויפען, אויסבייטען אויף אנדערע זאכען, און צווינגען איהם צו אירגענד וועלכע ארבייט. נאך דיא פארמע פון לייב־איי־גענטהום איז אנגעקומען אונזער איצטיגע פארמע פון קאפי־טאליסטישע אייגענטהום. ווען דער קאפיטאליסט האט דאס רעכט גיט אויף דעם ארבייטערס קערפער, נור אויף א פעטען חלק פון זיין פראצע, וואס דארף עלפי יושר בעלאנגען בלויז צום ארבייטער.

דיא סאציאליסטען ווייזען אויף, אז דיא צייט איז נאהענט, ווען אנשטאט דיא קאפיטאליסטישע אייגענטהומס רעכט, וועט איינגעפיהרט ווערען אזא סיסטעם, וואו יעדער וועט קענען פאר־מאגען בלויז אזוי פיעל, וויא פיעל ער האט אליין אויסגעארבייט און דארף צו זיין אייגענעם געברויך. דיא פארמען פון אייגענ־טהום וועלען זיך אויך דאן ענדערען, דיא ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט געהט אימער פארווערטס, איין זאך ווייסען מיר אבער יעצט גאנץ זיכער אז צוזאמען מיט דיא לאהן ארבייט און גרוים קאפיטאל, וועט אויך פאלען דיא לעצטע פאר־מע פון שקלאפעריי.

איצט איז נאך דער ארבייטער פערשקלאפט, ער מוז זיך געהן פארקויפען צו אירגענד וועלכען קאפיטאליסט, צו דעם אדער צו יענעם, אנדערש וואלט ער געשטארבען פון הונגער. אין א סאציאליסטישע געזעלשאפט וועלען אלע זיין פרייע, גליי־כע בירגער. דאס ארבייטענדע פאלק וועט דאן ניט מעהר גע־ניסען בלויז א קליינעם טהייל פון זייער פראצע. יעדער, וואס וועט ארבייטען, וועט בעקומען א סך מעהר נאהרונגס־מיטלען, קליידונג, וואהנונג, בילדונג און פערגעניגען וויא איצטער.

ווער קען אלזא נאך אלעס, וואס מיר האבען דא געזאגט, דיינקען, אז דיא סאציאליסטען האבען אונרעכט, אז דיא סאצי־אליסטען זיינען ניט קיא בעסטע פריינד פון דער מענשהייט!

„דאס איז אלעס גאנץ ריכטיג" הערען מיר אייך זאגענדיג, די סאציאליסטען ווילען דאך אבער אויך איינפיהרען א קאמוניז־מוס אויף פרויען, זיי ווילען דאך צושטערען דיא פאמיליע, דאס איז דאך עפעס גאר שרעקליך!"

אויף דיא בעשולדיגונג מוזען מיר ענטפערען דאס זעלבע וואס מיר האבען אייך פריהער געענטפערט: איהר האט גענומען אייערע מיינונגען וועגען סאציאליזמוס ניט פון סאציאליסטישע רעדנער, איהר האט גענומען אייערע מיינונגען איבער סאציא־ליזמוס פון ניט סאציאליסטישע שריפטען, איהר האט גענומען

אייערע מיינונגען פון אזעלכע ועלכע וויסען ניט וואָס דיא סאָציאַליסטען ווילען, אָדער פון אזעלכע וועלכע זיינען פעראינ־טערעסירט צו בעשמוצען דיא סאָציאַליסטען. מען האָט אייך איינגערעדט אז דיא סאָציאַליסטען ווילען איינפיהרען אזא סיס־טעם וואו יעדער מאן זאָל האָבען דאס רעכט און דיא מאכט איבער יעדע פרוי. דאָס איז ווירקליך א שרעקליכער געדאנקען! פארוואָס האָט איהר לעזער זיך ניט געפרעגט, צו איז דאָס מעגליך, אז א פארטיי, וועלכע שטרעבט אָפצושאפען דיא שקלא־פעריי פון דיא ארבייטער, זאָל ערשט וועלען איינפיהרען א נייע שענדליכע שקלאפעריי פון פרויען? דאָס איז דאָך א זאך וואָס איז אונמעגליך. ווען איהר וואָלט בעסער פערשטאנען וואָס סאָציאַליזמוס איז, וואָלט איהר געזעהן אז דאָס איז פונקט אזא אומזיסטער חשד, וויא מיט דעם „טהיילען“.

דיא סאָציאַליסטען האלטען אז דער פערקעהר צווישען מאן און פרוי קען ערשט דאן גערעכענט ווערען פיר ריין און הייליג, ווען דיעזער פערקעהר איז פערבונדען מיט ליעבע איינער צום אנדערען. אָבער וויא געהט דאָס היינט? וויא אָפט איז דאָס אז מאן און פרוי פערבינדען זיך דורך אמתע ליעבע? טרעפט זיך ניט איצטער א סך אָפטער אז מען הייראטה און מען פער־בינדט זיך אויפ׳ן גאנצען לעבען צוליעב געלד און אנדערע „אויסרעכענונגען“?

דער פועל יוצא דערפון איז, אז נאָך דער חתונה הויבט זיך ערשט אָן אן אונגליקליכער לעבען, פאמיליען סקאנדאלען וועל־כע ענדיגען זיך גאנץ אָפט מיט שיידונגען. זעהענדיג דאָס אלעס, האלטען דיא סאָציאַליסטען, אז דיא בעסטע גאולה צו דיעזע פאמיליען צרה וועט אָנקומען דאן, ווען אנשטאט געלד און פערשיעדענע „אויסרעכענונגען“ וועט דיא ליעבע אָנהויבען צו פעראייניגען מאן און פרוי. קען מען אזא געדאנק אָנרופען אונמאָראליש? אין דער צייט ווען יעדער זעהט פאַרצושטעלען דיא סאָציאַליסטען פאר ווילדע חיות, זיינען זיי איינענטליך אין היינטיגע צייטען דיא איינציגע, וועלכע ווילען אראָפּוואר־פען פון טראָהן געלד און געשעפט־אינטערעסען, און אויף זייער פלאץ ארויפזעצען דיא הייליגע, עהרליכע אינערליכע ליעבע, וואו נור מאן און פרוי זיינען פערבונדען מיט ליעבע, איז זייער פערבונד הייליג. וואו קיין ליעבע איז ניטאָ, איז דער פערבונד אונמאָראליש. דיא גרעסטע דיינקער און פּאָעטען האָבען אין דיעזען הינזיכט ניט אַנדערש געדיינקט וויא דיא סאָציאַליסטען.

דערפון קומט אויך ארויס, אז דיא סאָציאַליסטען זיינען דיא גרעסטע שונאים פון פראָסטיטוציאָן (זנות). דאָס איז איי־נע פון דיא שענדליכסטע פלעקען אויף דיא מענשהייט. דאָס שטאמט אָבער דירעקט פון קאפיטאליזמוס. דיא צייט איז נאָהענט, און דיא סאָציאַליסטען זעהען דאָס צו דערנעהנטערן, ווען עס וועט ניט זיין קיין נויטה און קיין עלענד, וועלכע טריי־בען פיעלע פרויען צו פראָסטעטוציאָן, און וואו געלד וועט פאר־לירען איהר מאכט אראָפצופיהרען פון וועג און אונגליקליך צו מאכען בליהענדע מענשליכע בעשעפעני שען.

קוקט זיך נור צו צום ארבייטערס פאמיליען לעבען! געוויס לעבען דיא ארבייטער ניט גליקליך, און פאר וואָס איז דאָס אזוי? איינפאך דערפאר, ווייל דער מאן און דיא פרוי דארפען פארברייננגען גאנצענע טעג אין פאבריק, ביי שווערע ארבייט, איז פאר זיי אונמעגליך צו קענען פיהרען א גליקליכען פאמיל־יען לעבען. אין דיא אבענדען, וועלכע זיי קענען פארברייננגען צוזאמען, זיינען זיי אויסגעמאטערט און פארביטערט פון שווע־רע ארבייט; און וואָס פאר אן ערציהונג קענען בעקומען זייערע קינדער? א גאנצען טאָג לויפען זיי ארום איבער דיא סטריטען, וואו קיינער פאסט ניט אויף אויף זיי, פון אבענד קענען זיי וויעדער ניט ערווארטען קיין פריינדליכקייט און ליעבע פון זיי־ערע עלטערען, וועלכע זיינען צופיעל צובראָכען און צוטראָגען אום זיך צו בעשעפטיגען מיט דיא קינדער. ביי אזעלכע אומ־שטענדען קען גאָר קיין רייד ניט זיין וועגען א גוטע ערציהונג, פיעלע קינדער וואקסען אויס פארברעכער, וועלכע ברייננגען שרעק און שאדען אויף דיא געזעלשאפט. אין גרונד גענומען, איז דיא געזעלשאפט אָבער אליין שולדיג אין זייער פאר־ברעכען.

אָבער טראָץ דיא גרויסע אָרעמקייט מוז מען אָבער צוגעבען, אז ביי דיא ארבייטער און ביי דיא סאָציאליסטען איז נאָך דער פאמיליען לעבען עהרליכער און פיינער וויא ביי דיא רייכע קלאסען פון דער געזעלשאפט. און דאָך זיינען דאָ א פולע מענשען וועלכע זוכען צו בעווייזען, אז דיא סאָציאליסטען ווי־לען צושטערען דיא פאמיליע! אויב דער פאמיליען לעבען פון דיא ארבייטער איז טאקע צושטערט צוליעב אָרעמקייט, זיינען געוויס אין דעם ניט שולדיג דיא סאָציאליסטען. אויב דער רייכער צושטערט זיין אייגענע פאמיליע, פערשאפט זיך אונ־אָרענטליכע פרויען און האלט אויף מיט זיין געלד גאנצע אונ־

אָרענטליכע הייזער, — וועט ווידער קיין פערשטענדיגער מענש ניט בעשולדיגען אין דעם דיא סאָציאליסטען.

היינט האלט דיא אונזיטליכקייט הויך אויפגעהויבען דעם קאָפּ. זיא ווערט ארויסגערופען פון לוקסוס פון דיא רייכע פון איין זייט, און פון דיא נויטה פון פאָלק פון דער אנדער זייט. דער סאָציאליזמוס איז דער איינציגער מיטעל, וועלכער קען ארויסשלעפּען דיא מענשהייט פון איהר מאָראלישען זומפּף.

גלייך וויא דער סאָציאליזמוס וועט פארווירקליכט ווערען, וועלען דיא ווערטער „ארמוטה“ און „עלענד“ אויסגעמעקט ווערען פון אונזער שפּראך, און ווען קיינער וועט ניט ליידען קיין נויטה, וועט דיא ליעבע זיין דיא איינציגע מאכט וועלכע וועט פארבינדען מאן און פרוי. ליעבע וועט זיך שוין ניט מעהר פארקויפען אויף דיא סטריטען. פּראָסטעטוציאָן וועט פאר־שווינדען. דיעזער סטרייט געגען אלערליי מינים פּראָסטע־טוציאָן — דאָס איז דיא איינציגע זינד, אין וועלכע דיא סאָ־ציאליסטען זיינען טאקע שולדיג.

איהר זעהט אלזאָ, וואָס אנבעלאנגט אייגענטהום און היי־ראטה, האלטען דיא סאָציאליסטען פאָלקאָמען מיט אלע אונ־טערדריקטע, און שטעהן אויף דיא זייט פון גערעכטיגקייט און מאָראל, און אז גראדע דיא יעניגע, וועלכע זידלען דיא סאָציא־ליסטען, — דיא קאפּיטאליסטען, דיא צושטערען דעם ארביי־טערס אייגענטהום און דאָס פאמיליען לעבען.

אָבער איידער איהר וועט בעשליסען, ליעבער לעזער אז דיא סאָציאליסטען זיינען גערעכט און אז איהר דארפט זיך פאראיי־ניגען מיט זיי און ארבייטען מיט זיי צוזאמען, האלטען מיר נאָך פאר נויטהיג צו זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען זעהר א וויכטיגען פּונקט.

ווען דיא סאָציאליסטען זאָלען בלויז האָבען דיא נחמה פאר דיא ארבייטער, אז אין א געוויסע צייט ארום, ווען דיא לאגע פון דיא ארבייטער וועט זיך נאָך פערערגערען וועט קומען דער סאָציאליזמוס און וועט זיי אויסלייזען פון זייער עלענד און נויטה, — ווען דיא סאָציאליסטען זאָלען האָבען בלויז דעם איינציגען טרייסט פאר דיא ארבייטער, וואָלטען זיי אייגענט־ליך וועהניג ווערטה געווען. דאָס פאָלק האָט זיך שוין גענוג אָנגעהערט פון פערשיעדענע צוקינפטיגע גאולות אויף יענער וועלט אָדער אויף דער וועלט. דאָס פאָלק וויל אז מען זאָל איהם ווייזען א וועג, וויא צו פארגרינגערען איצטיגע צרות,

אָבער דיא סאָציאַליסטישע פּארטיי איז טאקע דיא איינציגע פּארטיי, וועלכע ווייזט דעם ארבּייטער דעם וועג וויא זיך איצטער אויף פיעל צו העלפען. דיא סאָציאַליסטישע פּארטיי זאָגט צום ארבּייטער פערייניגט אייך עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, און קעמפּפט פאר אלע פארבּעסערונגען אין אייער לעבען וועלכע עס איז נור מעגליך צו קריגען אונטער היינטיגע אומשטענדען. פעראייניגט עקאָנאָמיש אין טרייד יוניאָנס און פּאָליטיש אין דער סאָציאַליסטישע פּארטיי, און ארבּייטענדיג צוזאמען וועט איהר זיין אומשטאנדע צו בּעקומען דיא מאכט, וועלכע איז נויטהיג צו אייער בּעפרייאונג. דיא קאפּיטאליסטען איינזעהענדיג וויא דיא ארבּייטער מאסען זיינען איניג און וואך צו זייערע אינטערעסען, וועלען זיך שוין אזוי פיעל ניט ערלויבּען צו בּעגעהן מיט זיי אזוי אונפערשעהמט וויא פריהער. דיא סאָציאַליסטען ווייזען דיא ארבּייטער אז זייער בּעפרייאונג פון קאפּיטאליסטישען יאָך, היינגט אָב פון זייער איגענעם פערשטאנד, פון זייער איגענע האנדלונגען.



# The Republican, The Democrat and The Socialist

An Address by **EUGENE V. DEBS**

# דיא רעפובליקאנער

# דיא דעמאקראטען

# און דיא סאציאליסטען

א רעדע פון

# יודזשין וו. דעבס

פרייז — — — — — — — — 3 סענט


Progressive Publishing Association

831 North Seventh Street

PHILADELPHIA, PA.

# פארווארט



דיא רעדע פון גענ. יודזשין וו. דעבס, וועלכע דער לעזער האט יעצט פאר זיך, איז איינע פון זיינע געלונגענע רעדען דורך דעם פרעזידענטען־קאמפיין פון 1908.

דיא רעדע איז פון איהם געהאלטען געווארען דען 7טען אקטא־בער אין דעם ניו יארק „היפאדראם" — דער גרעסטער טהעאטער אין דער וועלט. און האט ארייסגערופען אן אונבעשרייבליכען ענט־הוזיאזמוס, ביי דיא 8 טויזענד מענשען וועלכע זיינען דעם אבענד געוועזען דארט פערזאמעלט איהם צו הערען.

דיא רעדע איז געהאלטען געווארען אין דער צייט, ווען דאס פאלק האט זיך אמשטארקסטען אינטערעסירט ווער עס וועט זיין דער נעקסטער פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען — טעפט, ברייען אדער דעבס, און דיא רעדע איז געוועזען געווענדעט אלס אן ערקלעהרונג פאר וועמען דיא ארבייטער דארפען שטימען.

דעבס'עס ערקלעהרונגען זיינען געוועזען פאסענד ניט בלויז פאר דעם קאמפיין פון 1908, נור פיר יעדען קאמפיין ווען דיא פערשיעדענע פארטייען פון לאנד שטעלען אויף זייערע קאנדידאטען, אז זיי זאלען ערוועהלט ווערען צו פערוואלטען דאס פאלקס אנגעלעגענהייטען אין דער רעגיערונג פון שטאט, סטייט אדער לאנד.

און אלס אן אלגעמיינע ערקלעהרונג איבער דעם ארביי־טערס פפליכטען אין דער צייט פון א קאמפיין, גיבען מיר יעצט ארויס דיעזע רעדע פאר דיא טויזענדער, וועלכע האבען זיא ניט גע־קענט הערען פון דעבס'ס ליפען.

דיא רעדע איז אן אויפרוף צו דעם פערשטאנד און געוויסען פון דיא ארבייטער, אז זיי זאלען זיך פעראייניגען פאליטיש וויא עקא־נאמיש, און קעמפפען פאר זייער בעפרייאונג.

דיא רעדע איז אן אויפרוף צו דעם פערשטאנד און געוויסען פון אלע דיא, וועלכע ווילען זעהען פרייהייט, גלייכהייט און ברי־דערליכקייט בעהערשען דיא וועלט.

לאמיר האפען אז דיעזער אויפרוף וועט געפינען אן אפקלאנג ביי דיא, צו וועמען ער איז געווענדעט.

# דיא רעפובליקאנער,
# דיא דעמאקראטען
# און דיא סאציאליסטען

---

דעבס מערקווירדיגע רעדע וואָרט אין וואָרט.



נאָכדעם ווי גענאָסין קענעדי האָט פאָרגעשטעלט גענאָסע דעבס און איהם בעגריסט מיט א וואונדערבאר־גלענצענדע רעקלאָמאציאָן, האָט גענאָסע דעבס גענומען דאס וואָרט און האָט געזאָגט:

וויא טיעף איך בין גערירט פון דיעזע ליעבליכע און שעצענדע ווערטער, וועלכע דיא גענאָסין האָט אויסגעשפּראָכען פאָרשטעלענדיג מיך, און וויא גרינדליך איך שעץ דיעזען אויסערערדענטליך פריינד־ליכען עמפּפאנג, דיעזע גרויסארטיגע דעמאָנסטראציאָן פון אייער אי־בערגעבענהייט—וועל איך ניט פּרובירען אויסצודריקען. עס איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין גרויסארטיגערע און מעהר בעגייסטערענדע זאך וויא דיא ערוואכונג פון דער ארבייטער־קלאָסע.

מיר האָבען א ווארהאפט גלענצענדע דעמאָנסטראציאָן פון דער ערוואכונג פון דער ארבייטער־קלאסע היינט דאָ. דיעזער אוידיענץ איז אזוי געוואלדיג, דיעזע פערזאמלונג איז אזוי ריעזיג, אז מען בלייבט ערשטוינט און איבערוועלטיגט און עס זעהט אויס כמעט וויא א חוצפה צו שטעהן אין איהר געגענווארט.

אָבער עס איז דאָסזעלבע איבעראל. דער גייסט פון סאָציאליזמוס שוועבט ארום אין לאנד און רייסט ארויס מענשען פון זייער שלאָף.

מיט צוויי וואָכען צוריק זיינען מיר געוועזען ביי דעם ברעג פון פּאַסיפישען ים און דער אויסברוך פון סאָציאליסטישע מאסען איז געוועזען אזוי געוואלדיג, אז דיא גרעסטע פערזאמלונגס־לאָקאלען זיינען ניט געוועזען האלב גרויס גענוג זיי אלע אריינצונעהמען.

### א וואונדערליכע צייט.

וואָס אונזער מזל זאָל ניט זיין, קענען מיר זיך שעצען זעהר גליק־ליך, וואָס אונז איז אויסגעקומען צו לעבען אין דיא וואונדערליכסטע צייט אין דער וועלט־געשיכטע. דיא ענטדעקונג פון דיא דאמפף־קראפט און עלעקטריציטעט און דיא בענוצונג פון דיעזע קרעפטען אין

דער אינדוסטריע האָט רעוואָלוציאָנירט דיא מאָדערנע וועלט. אין דעם איינעם פערגאנגענעם דור איז אויפגעטהאָן געוואָרען, אין דיא בעשאפונג פון מאטעריעלען גליק, פיעל מעהר וויא אין אלע פריהעריגע דורות. און יעצט איז עס צום ערשטען מאָהל אין דער וועלט־געשיכטע מעגליך צו בעשאפען כל טוב אין איבערפלוס פאר אלע מענשען. עס איז ענדליך מעגליך אָבצושאפען אָרימקייט און אונוויסענהייט; צו געבען דיא מענשליכע ראסע א ווירקליכע ציוויליזאציאָן.

דיעזע ריעזענהאפטע פראָדוקציאָנס־קרעפטען האָבען זיך ענטוויקעלט אין דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם; אין דיעזען סיסטעם זיינען דיא מעכטיגע ענדערונגען געשעהן. דיעזער קאפיטאליסטישער סיסטעם האָט אָבער יעצט זיין היסטאָרישע ראָלע שוין אזוי גוט וויא אויסגעשפיעלט. און דיא זעלבע קרעפטען, וואָס האָבען איהם בעשאפען, ארבייטען יעצט איהם צו פערניכטען.

## דיא קריזיסען.

ווידער איז יעצט געקומען א צוזאמענברוך אין דיא קאפיטאליסטישע פיהרונגען. ווידער איז געקומען א צייט פון געדריקטקייט אין דיא געשעפטען. דער רעקאָרד פון קאפיטאליזמוס ווערט היינט פערצייכענט מיט באנקראָטען, אָרימקייט, און אזעלכע שרעקליכע נויטען, אז קיין שפראכע איז ניט אימשטאנדע דאס ריכטיג אויסצודריקען.

דער לעצטער פאניק — וויא מען האָט דעם קריזיס גערופען — איז געשעהן אונטער א דעמאָקראטישע אדמיניסטריישאָן אין יאָהר 1893. דיא רעפובליקאנער האָבען זיך דעמאָלט געאיילט אויסצושרייען: „זעהט דיא פרוכט פון דעמאָקראטישע פיהרונגען!“ זיי האָבען שולדיג געמאכט דיא דעמאָקראטישע פארטיי אין דעם פאניק. און ווען איהר וועט לעזען דיא רעפובליקאנישע פלאטפאָרם פון יאָהר 1896 וועט איהר געפינען דיעזע בעשולדיגונג געגען דיא דעמאָקראטען שארף אויסגעדריקט.

אין יענער צייט האָט נאָך קיין בעדייטענדער טהייל פון דיא ארבייטער קלאסע ניט געלערענט דענקען אָדער ווירקען פאר זיך אליין. זיי האָבען זיך נאָך אלץ געלאָזט בעאיינפלוסען פון דיא טענות פון דיא קאפיטאליסטישע דעמאגאָגען. הונדערט־טויזענדע ארבייטער האָבען א שטראָם געטהאָן פון דיא דעמאָקראטישע פארטיי צו דיא רעפובליקאנישע. דיא רעפובליקאנער האָבען געקראָגען דיא מאכט צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען געזאָגט, אז דיא דעמאָקראטען האָבען געמאכט דעם קריזיס.

דערווייל איז יענער קריזיס געקומען צו א'ן ענד, דיא געשעפטען זיינען געוואָרען עטוואָס לעבעדיגער. דיא רעפובליקאנער האָבען זיך

גענומען דעם קרעדיט פאר דעם און וויעדער האָבען זיי אויסגעשריען: „זעהט! ווען דיא רעפּובּליקאנער פּארטיי קומט אין מאכט קומט אריין פּראָספּעריטי אין לאנד!“

אין יאָהר 1900 איז דער קאמפּף־געשריי פון דיא רעפּובּליקאנער, פּערפּאסט פון זייער פּראָפּעט, געווען: „לעט וועלל אינאָף עלאָון!“ (לאָזט נאָר אלעס געהן וויא עס געהט!) אין 1904, „סטענד פּעט!“ (שטעה פעסט, בּלייב בּיי'ן אלטען). און אין 1908 איז זייער רוף — „גאָט ווייסט!“(*

מיר האָבּען יעצט נעמליך אונטער דיא רעפּובּליקאנישע רעגיערונג פּונקט אזא קריזיס וויא דעמאָלט אונטער דיא דעמאָקראטישע. אלזאָ, מיט דיא זעלבּע טענה, מיט וועלכע דיא רעפּובּליקאנער האָבּען דעמאָלט ערקלעהרט דיא דעמאָקראטען שולדיג אין יענעם קריזיס, מאכען זיי יעצט זיך אליין שולדיג אין דעם היינטיגען קריזיס.

## דיא ערגסטע צייט.

היינטיגען טאָג זיינען דאָ מעהר ארבּייטסלאָזע און פערצווייפעל־טע מענשען אין דיא יונייטעד סטייטס וויא ווען־עס־איז פריהער אין איהר גאנצע היסטאָריע. א'ן אונגעהייערע ארמעע פון הונגעריגע אר־בּייטער איז פערשפּרייט פון דעם אטלאנטישען בּיז צום פּאסיפישען ים און פון דיא גרויסע לייקס בּיז צום גאָלף אָוו מעקסיקאָ. און ווען דיעזע גרויסע מחנה הונגערנדע מענשען ווענדעט זיך צו דעם הויפּט־פאָהנען טרעגער פון דיא רעפּובּליקאנער פּארטיי און פרעגען איהם וואָס זאָלען זיי טהאָן ווען זיי הונגערן, ווען זייערע פרויען געהען אויס פון נויטה און זייערע קינדערלעך וועט מען באלד ארויס־ווארפען אין די סטריטען, שיקט ער זיי מיט גרוים עניות אָב צום רבונו של עולם. אָבער זייערע וואוטס איז ער פאָלשטענדיג צופריעדען אָנצונעהמען באלד.

דענקט נאָר נאָך וועגען דעם א וויילע. מר. טאפט איז זיך אָפען מודה, אז ווען גוואלדיגע מאסען ארבּייטער געפינען זיך אין נעצוואונ־גענער ארבּייטסלאָזיגקייט, ווען זיי ווערען געפּייניגט פון הונגער יסורים, ווייסט ער ניט וואָס ער קען טהאָן פאר זיי; און דאָך האָט ער דיא חוצפּה צו פערלאנגען פון דיעזעלבּע מענשען זיי זאָלען איהם ערוועהלען פאר פּרעזידענט אָוו דהי יונייטעד סטייטס. וואָס מען

---

*) ווען טאפט האָט געהאלטען א רעדע אין קופּער יוניאָן אין ניו יאָרק, האָט אן ארבּייטער איהם געפרעגט: וואָס פאר א הילף ווייסט איהר פאר דיא טויזענדער ארבּייטער וואָס געפינען קיין ארבּייט ניט? האָט ער געענטפערט „ג אָ ט וו יי ס ט, איך וויים ניט“.

זאָל ניט זאָגען אויף מר. טאפט, אין זיין נערוו פעהלט איהם גאָר ניט*).

וואָס האָט דיא רעפּובּליקאנער פּארטיי וועןדעס־איז געטהאָן פאר דיא ארבּייטער־קלאסע? וואָס האָט זיא ניט געטהאָן פאר דיא קאפּי־טאליסטישע קלאסע? אויבּ איהר זייט אן ארבּייטער און איהר געהערט צו דער רעפּובּליקאנישער פּארטיי, זייט איהר דאָרטען פּונקט אזוי ניט אויף אייער פּלאץ וויא ראקעפעלער וואָלט געווען ניט אויף זיין פּלאץ אין דער סאָציאליסטישער פּארטיי.

דער צדיק רוזוועלט.

איהר פלעגט פריהער ארויפקוקען צו פּרעזידענט רוזוועלט אלס אייער פריינד און איהר פלעגט אין אייער אונוויסענהייט ערוואַרטען, אז ער וועט עפּעס טהאָן פאר אייך. דער פאקט איז, פּרעזידענט רוז־וועלט איז דער פערבּיסענסטער שונה פון דיא ארבּייטער קלאסע, און זיין רעקאָרד בּעווייזט דאָס. און ווען ער וועט ענדיגען זיין טערמין אין ווייט הויז און וועט ווערען פּראָמאָטער נאָך דיא פינסטערע אפריקא**) צווישן דיא חיות, וואו זיין ריכטיגער פּלאטץ איז, וועט ער —אויבּ ער וועט נאָר דאָרטען בּלייבּען —טהאָן דיא ערשטע ריכטיגע טובה אין זיין לעבּען דיא ארבּייטער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

רוזוועלט האלט פּאָליטישע הייליגע דרשות, זאָגט מוסר דעם עולם, פערבּריינגט זיין צייט פּרעדיגענדיג מען זאָל זיין עהרליכע בּיר־גער און ריין און כשר אין דער פּאָליטיק, — און ער אליין איז ער־וועהלט געוואָרען דורך דיא שטיצע פון דעם גרעסטען קאָרופּציאָנס פאָנד אין דער געשיכטע פון אמעריקאנער פּאָליטיק.

דער אָיל טראָסט האָט אריינגעוואָרפען 100,000 דאלאר אין רוז־וועלט'ס קעמפּיין פאָנד און רוזוועלט האָט זיך געמאכט ניט זעהענדיג, ער האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט וועגען דעם בּיז דאָס איז בּעקאנט געמאכט געוואָרען. דאן, אז עס איז ארויסגעקומען, האָט ער אויסגע־בּראָכען אין א שטראָם פון גרימצאָרן וויא א הייליגער צדיק, וויא זיין שטייגער איז, און ער האָט געשריען: „מען מוז דאָס צוריקשיקען".

---

*) דיעזען גייסטרייכען ענגלישען אויסדרוק קען מען ניט אי־בּערזעצען. „נוירוו" אויף ענגליש הייסט אי דיא נערוועז, אי אויך חוצפּה. „דהער איז נאָטהינג דהי מעטטער וויטה הים נוירוו" הייסט—איהם פעהלט גאָר ניט אין זיינע נערוועז, אָבּער דאָס הייסט אויך: איהם פעהלט ניט קיין חוצפּה.

**) רוזוועלט האָט ערקלעהרט, אז ווען ער וועט אראָפּ פון פּרעז־זידענטשאפט וועט ער פאָהרען קיין אפריקא שיסען חיות.

אָבער צוריקגעשיקט האָט מען עס ניט ביז'ן היינטיגען טאָג.

ווען דיעזע 100,000 דאלאר זיינען געגעבען געוואָרען צו זיין קאָרופציאָנס־פאָנד, איז עס געקומען אזוי גרינג, אז מר. בלים האָט זיך געזעהן מיט ראדזשערס'ן (פון סטענדארד אָיל) און געפּרופּט קריגען נאָך 200,000. ראדזשערס האָט ניט געוואָלט געבען, און דאן האָט פּרעזידענט רוזוועלט גענומען זיין פעדער אין האנד און האָט גע־שריעבען: "מיין טהייערער מר. הערימאן, קומט צו מיר אין ווהייט הויז אין א פינסטערע לבנה־נאכט און איהר וועט מיר העלפען שרייבען מיין מעססעדזש צום קאנגרעסס".

ער האָט ניט דערמאָנט קיין וואָרט וועגען העררימאן'ס צוזאמענ־געהמען פאר איהם 200,000 דאלאר אָדער וועגען דיא נאָך 240,000 דאלאר מעהר וואָס זיינען גע'גנב'עט געוואָרען פון דיא פאליסי האל־טערס פון דיא אינשורענס קאָמפּאניעס — וועגען דעם האָט ער קיין וואָרט ניט דערמאָנט, ביז דאָס איז ארויסגעקומען. און דאן, אז עס איז ארויסגעקומען, האָט ער זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיין חבר, אויף זיין פּאָליטישען פערבינדעטען, עדווארד העררימאן, און האָט אויף איהם געשריען ליגנער און לומפּ. רוזוועלט האָט שוין אזא טבע צו בריקענען א מענשען ווען ער איז א געפאלענער. אָבער אויב ער האָט אמאָל בעוויעזען עטוואָס מוטהיגעס, חוץ וואָס ער האָט געשאָסען א שפּאניער אין רוקען, ווען ער איז אנטלאָפען, האָב איך קיין מאָל ניט געהערט דערפון.

דיא ארבייטער פון דיעזען לאנד פאנגען אָן ענדליך אויסגעפינען וואָס רוזוועלט איז.

מען האָט איהם געגעבען דעם קרעדיט פון סעטלען דעם קוילען־סטרייק. יא, ער האָט געסעטעלט דעם קוילען סטרייק—ווען דיא אר־בייטער האָבען שוין געהאט אזוי גוט וויא געוואונען דעם סטרייק, האָט ער געכאפּט און זיך ארייגגעמישט און איבערגעגעבען דעם זיעג צו דיא קוילען קאָמפּאניעס.

## טאפט'ס רעקאָרד.

ער האָט נאָמינירט זיין אייגענעם פּאָליטישען נאָכפאָלגער, א הערר וואָס האָט געוואונען זיין אויסצייכנונג פון דעם, וואָס ער האָט ארויסגעגעבען אינדזשאָנקשאָנס, וועלכע האָבען פאראליזירט ארבייטער אָרגאניזאציאָנען. מר. טאפט'ען איז קיין מאָל ניט איינגעפאלען צו געבען אן ערקלעהרונג וועגען דעם ביז ער איז געוואָרען א קאנ־דידאט פאר פּרעזידענט. און יעצט ערקלעהרט ער, אז ארויסגעגע־בען דיא אינדזשאָנקשאָנס האָט ער, ווייל ער האָט זעהר ליעב דיא אר־בייטער און איז שטארק אינטערעסירט אין זייער טובה.

אָבער זיין ליעבע צו דיא קאפּיטאליסטען האָט ער קיין מאָל ניט געפּרופט ארויסצייגען אויף דעמזעלבען אופן. געגען זיי האָט ער קיין מאָל קיין אינדזשאָנקשאָנס ניט ארויסגעגעבען, זיי האָט ער קיין מאָל ניט געשיקט אין געפענגניס. און דיא אורזאכע דערפון איז אזוי איינפאך און אזוי זעלבסט־פערשטענדליך, אז מען דארף דאָס ניט ער־קלעהרען.

וויא קען אן ארבייטער מיט געוועהנליכען פערשטאנד, און מיט דיא אלע פאקטען פאר איהם, גאָר דענקען צו געבען זיין שטימע פאר וויללִיאם ה. טאפט?

אלץ וואָס איך האָב צו זאָגען איז, אז אויב איהר זייט אן ארביי־טער און בעקאנט מיט זיין רעקאָרד — און איהר האָט ניט קיין שום ענטשולדיגונג פאר וואָס איהר זאָלט ניט זיין בעקאנט — און דאָך ווילט איהר וואוטען צו מאכען איהם פאר פּרעזידענט, זייט איהר פּאָליטיש אזא בייבי, אז מען דארף אייך איבערגעבען צו אן אפּעקון אין האנד.

## און דיא דעמאָקראטען?

עס איז אבזאָלוט ניטאָ קיין שום אונטערשיעד צווישען דיא רעפּובליקאנשע און דיא דעמאָקראטישע פּארטייען, אזוי ווייט וויא דיא ארבייטער זיינען אינטערעסירט. זיי זיינען ביידע אקוראט דיר־זעלבע. זיי זיינען ביידע געשוואָרענע בעשיצער פון דיא קאפּיטאליס־טישע שקלאפעריי. אויב דיא פּארטיי וועט געווינען אָדער יענע, איהר ארבייטער וועט סיי ווי סיי פערליערען. אייער לאגע בלייבט דיזעלבע. איהר האָט שוין אויסגעפּרופט דיעזע ביידע פּארטייען אָהן א שיעור מאָל, און אלץ איז פאר אייך ארויסגעקומען דער זעלבער אונפערמייד־ליכער רעזולטאט. דיא דעמאָקראטען זאָגען אז זיי וועלען צוברעכען דיא טראָסטס און לאָזען בלויז קליינע קאפּיטאליסטען. הפנים עס איז א גרויסע נפקא־מינה פאר דעם ארבייטער צו ער ווערט אויפגעפרעסען פון איין העלפאנד, צו פון א גאנצע מחנה מאסקיטאָס.

דיא פּאָליטישענס, וואָס בענוצען אייך צו וואוטען פאר דיא פעראייביגונג פון דעם סיסטעם, אין וועלכען איהר זייט שקלאפען, האָבען קיין שום רעספּעקט ניט פאר אייך. זיי בעהאנדלען אייך מיט פעראכטונג. ביי דיא רעפּובליקאנער קאָנווענשאָן זיינען קיין ארביי־טער ניט געוועזען. דיא שטימע פון אייער קלאס איז דאָרטען ניט גע־הערט געוואָרען. דיא גאנצע קאנווענשאָן איז בעשטאנען פון פּלוטאָ־קראטען (געלד־פּריצים), אָפיס האלטערס, פּאליטישענס און פּאראַ־זיטען. דיא דעמאָקראטישע קאנווענשאָן אויף דאָס זעלבע.

דיא סאָציאליסטישע קאנווענשאָן איז געוועזען דיא איינציגע וואָס

איז בעשטאנגען פון לויטער פערטרעטער פון דער ארבייטער־קלאסע, זיא האט אנגענומען אן ארבייטער־קלאסע־פלאטפארמע און געמאכט איהר אויפרוף צו דיא ארבייטער קלאסע פון אמעריקא.

## צומאזאלעטע הענד — א שאנדע.

גראדע אין דיעזער צייט פון יאהר, פאר עלעקשאן, קומען דיא קאפיטאליסטישע פאליטישענס צו אייך, ארבייטער, אייך זאגען וויא הערצליך עס פרייט זיי צו האבען דיא געלעגענהייט צו קוקען אייך אין אייערע מוטהיגע פנים׳ער און אייך דערציילען, וויא קלוג און אינטעליגענט איהר זייט.

זיי רופען אייך מיט כלומר׳שטיגען שטאלץ „דיא ארבייטס־מענער מיט צומאזאלעטע הענד" און ווילען איהר זאלט זיך גרויס־האלטען מיט אייערע צודרייטע הענד. אין אמת׳ן דארפט איהר זיך שעהמען מיט זיי, חלעבען, איהר דארפט רויט ווערען פון שאנדע קוקענדיג אייערע הענד „אין פנים אריין". איהר געפינט אין אייערע מאזאלעס פערשריעבען, וויא מיט דייטליכע ווערטער, א שענדונג פון אייער מענגליכקייט. דען ווען איהר וואלט בענוצט אייער פערשטאנד אין אייערע אייגענע אינטערעסען, וואלט איהר פערשפארט צוקרוטשען אייערע הענד אין שקלאפען־פראצע פאר ליידינ־געהערס.

## וואס דיא דעמאקראטען טהוען.

„אה, זאגט איהר, אבער היינטיגעס יאהר בין איך שוין קלוג געווארען; מעהר וואוט איך ניט פאר דיא רעפובליקאנער; איך געה איבער צו דיא דעמאקראטישע פארטיי, צו בריען און האסקעל און גאמפערס. דאס איז א פיינע קאמבינאציע; איז עס ניט? דאס איז נאך ערגער, אויב עס קען זיין נאך ערגער.

דיא דעמאקראטישע פארטיי! אלעס וואס איך דארף טהאן, איז צו צייגען מיט׳ן פינגער צו די "סאליד סאוטה", וואו דיא דעמאקראטישע פארטיי האט געהאט אליין דיא אויבערמאכט א גאנצען יאהרהונדערט. אין ערגעץ זיינען ניט ווידזשעס ניעדעריגער, אין ערגעץ זיינען דיא ארבייטער־פערהעלטניסע ניט אזוי מיזעראבעל, אין ערגעץ איז ניטא אזא גרויסער פראצענט בעזגראמאטנע, וויא דארטען, אין דיא סאליד סאוטה, וואו דיא דעמאקראטען פיהרען אליין אונגעשטערט, וויא זיי ווילען, שוין פון א יאהרהונדערט.

און נאך א זאך איז דא אין דיא סאליד סאוטה, א זאך וואס מאכט מענשען און מלאכים וויינען. דארטען נעמליך, ווען מענשען זיינען אהן ארבייט און געהען ארום הונגעריג און בעטלען ברויט, ווערען זיי ארעסטירט אלס טרעמפס און דאן פערדינגט מען זיי צו

האַרצלאָזע בלוטזייגער; זיי ווערען צונויפגעבונדען איינע צו דיא אַנ־דערע מיט קייטען, און, וויא איך האָב אליין געזעהן פיעלע מאָל, זיי ווערען געשלאָגען און געקנוטעוועט ביז צו אָהנמאכט. אלע גרויזאמקייטען און אלע באַרבאַרייען פון מיטעלאַלטער ווערען ווידערהאָלט אין דיא סאליד סאוטה וואָס איז בעהערשט פון דיא דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי.

ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק זיינען 17,000 מיינערס אין בירמינגהעם דיסטריקט ארויס אין סטרייק. זייערע וויידזשעס זיינען געווען אין גאנצען 47 סענט א טאָג, דער ניעדריגסטער פּרייז אין דיא יונייטעד סטייטס. דיעזע מיינס געהערען צום שטאָהל־טראָסט, וועלכער האָט אָנגעקליבען הונדערטע מיליאָנען דאָללארס אויס־געפּרעסט פון דעם שווייס און בלוט פון דיא ארבייטער־קלאסע. אָבער דיעזע רויבער זיינען נאָך ניט געווען צופריעדען.

## א דעמאָקראַטישער גאָווערנאָר.

זיי האָבען געוואוכט, אז דיעזע מיינערס ליגען אין זייער גע־וואלט. זייהאָבען געאָרדערט א פּערקלענערונג פון דיא וויידזשעס — א פּערקלענערונג, וועלכע האָט ניט איבערגעלאָזט גענוג צו דערהאלטען זייערע נשמות אין זייערע קערפּערס. 17 טויזענד פון זיי זיינען ארויס, האָט גאָווערנאָר קאָמער, דער דעמאָקראַט, דער מיליאָנער, וועלכער האָט געמאכט זיין פּערמעגען דורך דיא פּערשקלאַפונג פון קינדער— האָט דיעזער ווילדער נפש ארויסגעשיקט געגען דיא הונגערנדע מיי־נערס מיליץ, וועלכע האָבען זיי פּערטריעבען.

זיי זיינען אוועק אויף דעם פּעלד, וועלכען זייער יוניאָן האָט פּאַר זיי גערענט. מען האָט דאָרט אויפגעשטעלט פּאַר זיי ביידלעך, צו בעשיצען זייערע פרויען און קינדער פון דעם שטורעם, און דאָס האָט פּערדראָסען דעם דעמאָקראַטישען גאָווערנאָר, דעם פּאָליטישען פריינד פון וויליאם דזשעננינגס ברייען. און דער גאָווערנאָר האָט געשיקט זיינע סאָלדאטען נאָך דיעזען פּעלד. א טהייל פון דיא סאָל־דאטען האָבען ארויסגענומען זייערע מעסערס און צושניטען דיא ביידלעך אויף פּאַסען. דיא איבעריגע זיינען געשטאַנען דערביי מיט געלאָדענע ביקסען, גרייט צו דערשיסען דיא הונגערנדע סטרייקערס אין פאל ווען זיי וועלען וואגען צו פּערטהיידיגען דיעזע ביידלעך וואו זייערע פרויען און קינדער האָבען געפונען שוץ. אָט אזוי האָט דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי ארויסגעוויעזען פריינדשאַפט פּאַר דיא ארבייטער קלאסע.

## ברייען'ס פערלארענע געלעגענהייט.

אבער מען ענטפערט, אז ברייען, דער פאהנען טרעגער, איז דער פערטרעטער פון דעם איינפאכען פאלק, אז ער איז דער פריינד פון ארבייטער. דאס איז ניט אמת. מיט צוויי און א האלב יאהר צוריק האט ברייען געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט אין זיין לעבען. איהר געדיינקט וויא דיא בעאמטע פון דיא וועסטערן פעדערייש אן מיינערס זיינען ארייגגעווארפען געווארען אין געפענגנים. איהר גע־דיינקט דעם שענדליכען פערברעכען דורך וועלכען דיא נאציאן איז אויפגעציטערט געווארען.

אין דיעזען אונגליק האבען יענע ארבייטער, וועלכע זיינען געוועזען ענטהוזיאסטישע אנהיינגער פון ברייען אין דיא פריהערדיגע צוויי קעמפיינס, זיך געווענדעט צו איהם און געזאגט: „מיסטער ברייען, רעדט א ווארט פאר אונזערע פיהרער. ראטעוועט זיי פון ערמארדעט ווערען". ער אבער איז געוועזען טויב פאר דיא ארבייטער־קלאסע. זיי־נע ליפען זיינען געוועזען פערזיגעלט. ער איז געוועזען שטיל וויא דער קבר.

וויליאם דזשעננינגס ברייען האט ניט געקענט ריידען, ווייל ער וואלט דאך געמוזט אנגרייפען דיא מינען־אייגענטהימער, וועלכע האבען געגעבען דיא געלד פאר זיין קעמפיין. נאכדעם וויא דיא גע־פאנגענע בעאמטע זיינען געשטעלט געווארען צום טריי על און בעפרייט געווארען, האט ער צום ערשטען מאל ערקלעהרט, אז ער האט טאקע אויך געגלויבט דיא גאנצע צייט, אז זיי זיינען אונשולדיג. ווען ער האט געגלויבט, אז זיי זיינען אונשולדיג, טו פארוואס איז ער ניט ארויסגעקומען און עס געזאגט? אין יענער שטונדע האט ברייען פער־לארען אויף אויביג דאס רעכט געהערט צו ווערען פון דיא ארבייטער קלאסע.

## ברייען'ס פריינדע.

מיט 4 יאהר צוריק, וויא איהר וועט געדיינקען, האט ברייען ערקלעהרט אלטאן ב. פארקער אלס א ווערקצייג פון וואלל סטריט, און האט דאן געזאגט, אז קיין עהרליכער דעמאקראט קען פאר איהם ניט וואוטען. דיא דעמאקראטישע קאנווענציאן האט נאמינירט פאר־קער'ן, און דאן איז ברייען ארויס צווישען דעם אמעריקאנישען פאלק און האט געטרייט זיין גאנצע רעדע־קראפט אום איבערצוריידען דיא וואוטערס, אז זיי זאלען מאכען דעם ווערק־צייג פון וואלל סטריט פאר פרעזידענט.

מיט 4 יאהר צוריק האט ברייען פערדאמט ראדזשער סאלליוואן, דעם קארופטען פאליטישען פון איללינאי, אלס איינעם וואס האט

זיך נעלאָזט ערוועהלען אלס דעלעגאט דורך מיטלען, וועלכע וואָלטען פערשעהמט אפילו א באהן־רויבער, און וואו איז דער באהן רויבער היינט? ער איז איינער פון דיא וויכטיגסטע זיילען אויף וועלכע עס שטיצט זיך ברייען. ערשט מיט א פּאָר וואָכען צוריק איז ער אויף ברייען'ס איינלאַדונג געווען ביי איהם אין הויז אין לינקאָלן, נעבראסקא.

מיט 4 יאָהר צוריק האָט ברייען פערדאמט טעמעני. היינט געהט ער האנט אין האנט מיט טעמעני, דיא קאָרופּטעסטע פּאָליטישע אָרגאניזאציאָן אין אמעריקא. טעמעני איז א פּאָליטישער גנע־צרעת. טעמעני בעשמוצט אלץ וואָס זיא בעריהרט. טעמעני נעהמט שאנדע־געלד פון דעם היגען טענדערלאָין. טעמעני נעהמט בייטרענגע פון דיא שאנדע פון געפאלענע פרויען. און ברייען האָט געמאכט חבר־לאפּ מיט טעמעני און מיט מורפי אום צו קענען געווינען דעם סטייט ניו יאָרק. איך וואָלט זיך ניט ענטזאגט עלעקטעט צו ווערען פּרעזידענט. אָבער, אויף מיין עהרע, אזא פּרייז וויא ברייען צאָהלט, וואָלט איך קיין מאָל ניט געצאָהלט, ניט פאר דיא פּרעזידענטשאפט און ניט פאר אירגענד וועלכען אנדערען אמט אויף דער וועלט.

דיעזע ביידע קאָרופּטע און צופוילטע אלטע פּארטייען האָבען פאר אייך נאָרגישט. זייער אויפגאבע האָבען זיי דערפילט. זיי בעלאנגען צו דער פערגאנגענהייט. פערליערט ניט אייער צייט און אייער ענערגיע מיט זיי. דיא סאָציאליסטישע פּארטיי איז דיא איינציגע פּארטיי וואָס האָט דאס רעכט צו פאָדערען אייער שטיצע, דיא איינציגע פּארטיי אין וועלכע איהר קענט שטעהן גלייך און עהרליך וויא עס פּאסט פאר א'ן עהרליכען מאן, אין וועלכע איהר קענט טהאָן אייער פפליכט, און טהוענדיג אייער פפליכט, וועט איהר איבערלאָזען אייער נאָמען אין דעם בוך פון דער געשיכטע, וועלכע וועט לעבען אייביג.

## דיא פרוי אונטערן קאפּיטאליזמוס.

איך בין גליקליך צו זעהן אזוי פיעל פרויען אין דיעזער פערזאמלונג און לאָזט מיר אייך זאָגען, אז דיא סאָציאליסטישע פּארטיי איז דיא איינציגע, וועלכע אנערקענט דיא פרוי אלס מענשליכעס וועזען. אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט מוזט איהר, פרויען, פאָלגען דיא געזעצע, אָבער ביים מאכען דיא געזעצע האָט איהר קיין שטימע ניט, און ווען איהר זייט טעכטער פון ארבייטער, דאן זייט איהר עקאָנאָמיש קנעכט, און פּאָליטיש—קיין שום זאך ניט, אונטער דעם היינטיגען סיסטעם לערנט מען אייך צו קוקען אויף אייערע מענער וויא אויף שררות, און ווען איך בעטראכט מאנכע פון דיעזע אייערע

שררות מוז איך זאָגען, אז מיין גאַנצע סימפּאַטיע איז מיט דיא פרויען.

אכט מיליאָן פרויען זיינען לוין־שקלאַפינען, אכט מיליאָן פרויען מוזען פיהרען א ביטערען קאמפּף פאר'ן לעבען דורך דעם גאַנצען יאָהר, פון דער יוגענד ביז אין עלטער זיינען זיי אָפּפער פון שקלאַפעריי, קרבנות פון א סיסטעם, וואו פּריוואט פּראָפיט ווערט געשטעלט העכער וויא מענשליכע לעבענס.

וואָס פאר אויסזיכטען האָבען דיעזע פרויען? קיינע. אלע טהירען זיינען געגען זיי פערמאכט. אויף זייערע קעפּ ווארפט דיא געזעלשאַפט ארויף איהר גאַנצען אָפּפאַל. מען בעטראַכט זיי אזוי וויא זיי וואָלטען געשטאַנען געזעלשאַפטליך אויף א ניעדעריגערע שטופע. זיי באַלאַנגען צו דער ארבייטער־קלאַסע, און אויפ'ן שטערן פון דיא ארבייטער־קלאַסע איז נאָך איינגעדריקט דער זיעגעל פון ערניעדערונג.

אין דיעזער צייט פון יאָהר, פאר עלעקשאָן, חנפה'נען זיך דיא פּאָליטישענס צו אייך, דיא פּאָליטישענס, וועלכע באַליידיגען אייער פערנונפט, חנפה'נענדיג אייער אונוויסענהייט. אום אייך צו האַלטען אין אונוויסענהייט, לויבען זיי ביז אין הימעל אייער אינטעליגענץ. דיא סאָציאַליסטען זאָגען אייך גאַנץ פּליין וויא אונוויסענד איהר זייט, אום אז איהר זאָלט ווערען פערנינפטיג.

## אין ערניעדריגטע קלאַססע.

דיא ארבייטער בעשאַפען דעם גאַנצען רייכטהום. וואָס קריגט איהר דער פאר צוריק? דיא ארבייטער אונטערשטיצען דיא גאַנצע רעגיערונג. איהר ארבייטער בעשאַפט און האַלט אויף דיא גאַנצע ציוויליזאציאָן. אָהן אייך וואָלט דיא געזעלשאַפט צו גרונד געגאַנגען. און דאָך זייט איהר דיא ניעדעריגסטע קלאַסע, און איהר זייט שטענדיג אזוי געוועזען.

אין דיא גאַנץ אלטע צייטען זיינען דיא בעשאַפער פון אלע רייכטהימער געוועזען שקלאַפען; שפּעטער, אין מיטעלאַלטער, זיינען זיי געוועזען פעאָדאַל־קנעכט, און היינט זיינען זיי לוין־ארבייטער. דיא געזעלשאַפט האָט זיך שטענדיג געהאַלטען און האַלט זיך היינט אויף דיא עקספּלואטאציע פון דיא וואָס ארבייטען.

אין דיעזען לאַנד האָבען מיר 30 מיליאָן לוין־ארבייטער — 18 מיליאָן פון זיי מענער, 8 מיליאָן פרויען, און 4 מיליאָן זיינען קינדער. דיעזע דרייסיג מיליאָן האָבען ניט דיא מאַשינען און ווערקצייג וואָס זיי דארפען צו דער ארבייט, און זיי ווילען דאָס קיינמאָל ניט האָבען אונטער דיא הערשאַפט פון דיא רעפּובליקאַנער אָדער דיא דעמאָקראַטען. עס מאַכט ניט אויס וועד פון דיא אלטע פּאַרטייען עס האָט

דיא מאפּס, און צו דער טעריף איז הויך אָדער ניעדעריג, און צו דער געלד־סטענדערט איז גאָלד אָדער זילבער. דיא 30 מיליאָן ארבייטער, ניט האָבענדיג אליין דיא מיטלען, וועלכע זיי דארפען צו דער ארבייט, וועלען שטענדיג בלייבען שקלאפען, און וועלען שטארבען אין אָרימקייט און אין עלענד. ווען מען זעהט דאָ און דאָרט וויא איינער פון דיא ארבייטער־קלאסע „ארבייט זיך ארויף“, איז דאָס אן אויסנאהם, וועלכע באשטעטיגט ערשט דיא רעגעל.

## בלויז „הענד“.

וואָס איז דער צושטאנד פון דעם ארבייטער אין דער היינטיגער וועלט? אלס א מענש ווערט ער גאָרניט בעטראכט, און דיא שפּראך פון דעם קאפּיטאליזמוס ווייזט דאָס, א „האנט“ איז ער און ניט מעהר — א פאבריק האנט, א פארם־האנט א האנט, און בלויז א האנט. אייער מארך, אייער קאָפּ איז באָיקאָטירט.

און קיינער האָט דאָס אייך אזוי פיעל ניט געטהאָן וויא איהר אליין. קיינער וועט אייך אין דעם ניט העלפען אזוי פיעל וויא איהר אליין, איהר האָט א מאיאָריטעט פון דיא וואָוטס. איהר דארפט האָבען גענוג פערנונפט איינצוזעהן, אז איהר מוזט אייך פעראייניגען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש. פון דער מינוט, וואָס איהר וועט דאָס טהאָן, דאן איז דיא ערד אייערע.

ווען איהר, ארבייטער, וועט זיך אוועקשטעלען פעראייניגט אין פעסטע קלאסען־בעוואוסטע רייהען, דאן איז ניטאָ קיין קראפט צווישען הימעל און ערד וואָס זאָל אייך קענען צוריקהאלטען פון אייער בעפרייאונג. איהר דארפט בלויז ענטוויקלען אייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאכט.

## וואו האָט ער דאָס געקראָגען.

אייערע אינטערעסען זיינען דער היפך פון דיא אינטערעסען פון דיא קאפּיטאליסטען, וועלכע עקספּלואטירען דאָס וואָס איהר בעשאפט. לאָזט מיר אייך געבען איין איינציגע איללוסטראציאָן. דזשאהן ד. ראקעפעלער, א „רייפער“ קאפּיטאליסט און א פאראזיט אין פולען זינען פון וואָרט — קיין איינציגער קאפּיטאליסט טהוט קיין זאך ניט פון אמת'ן ווערטה פאר דער געזעלשאפט און איז דערפאר א פאראזיט —— אלזאָ ראקעפעלער איז געווען אין א פעדעראל קאָורט אין שיקאגאָ אלס עדות וועגען א 20 מיליאָן דאל. אָיל־טראָסט פּראָצעס, און מען האָט איהם געשטעלט איייניגע פראגעס וועגען דיא סטענדערד אָיל קאָמפּאניע (דעם אָיל טראָסט).

זיין ענטפער איז געווען, אז ער וויים גאָר ניט וועגען דער גענאנטער קאָמפּאני, ווייל פאר דיא לעצטע 7 יאָהר האָט ער קיינע

פערבינדונגען מיט איהר ניט געהאט. און דאָך האָט ער אין דיעזע 7 יאָהר געצווינגען פון דער זעלבער קאָמפּאַני אין דעם געשטאַלט פון פּראָפיטען און דיווידענדס אן ערך פון 5 מיליאָן דאל. א חודש, 60 מיליאָן דאל. א יאָהר, 420 מיליאָן דאל. אין דיעזע 7 יאָהר! לויט זיין איינענע ערקלעהרונג האָט ער מיט דיעזע קאָמפּאַניע גאָרנישט צו טהאָן, און דאָך האָט ער גענומען דיעזען אוצר. און פאר דעם וואָוטעט איהר יעדען מאָל וואָס איהר וואוטעט פאר דעם רעפּובליקאנישען אָדער דעמאָקראטישען טיקעט.

וויא אזוי איז ראקעפעלער געקומען צו דיעזע אונגעהייערע רייכטהימער, וואָס איז בעשאפען געוואָרען פון דיא ארבייטער קלאסע? בלויז דערפאר וואָס ער האָט זיך געמאכט פאר דעם אייגענטהימער פון דיא קוואלען וואָס דיא נאטור האָט בעשאפען, דיא קוואלען פון דיא רויע מאטעריאל, און דיא מאשינערי, מיט וועלכע דיעזע רויע פּראָדוקטען ווערען פערוואנדעלט אין עשירות.

ער מאכט ניט קיין אָיל. קארנעגיע מאכט ניט קיין שטאָהל. האוועמייער און ספּרעקעלס מאכען ניט קיין צוקער. דיא ארבייטער־קלאסע מאכט דאָס אלץ. אָבער דיעזע קאפּיטאליסטען, פארכאפּענדיג אלס זייער אייגענטהום דיא קוואלען פון דיא רויע פּראָדוקטען, און דיא מאשינערי, ווערען דיא אייגענטהימער פון דעם אלעם.

דער סוף פון קאפּיטאליזמוס.

דיא דרייסיג מיליאָן לוין־שקלאפען קענען ניט ארבייטען אָהן געצייג. דיא געצייג בעלאנגען אָבער צו דיא קאפּיטאליסטען. דיא דרייסיג מיליאָן לוין-שקלאפען מוזען פערקויפען זייער ארבייטס קראפט צו דיא קאפּיטאליסטען און ווען זיי טהוען דאָס, דאן בעלאנגט דיא עשירות, וואָס דיא ארבייטער פּראָדוצירען, ניט צו דיא ארבייטער, נור צו דיא קאפּיטאליסטען. און אין צייט פון עטליכע יאָהר ארבייטען זיי אוים אזוי פיעל מעהר וויפיעל עס קען פערברויכט ווערען, אז דיא מארקעטס ווערען איבערפילט, דיא פאבריקען ווערען געשלאָסען, דיא גאנצע אינדוסטריע שטעלט זיך אָב און הונדערטער טויזענדער ארבייטער געהן ארום ליידיג און ליידען הונגער און נויטה, וועהרענד זיי זיינען ארומגערינגעלט פון דיא עשירות, וואָס זיי האָבען אליין געשאפען.

דאָס בעווייזט איינפאך, אז דער קאפּיטאליזמוס האָט שוין אָבגעטהאָן זיין ארבייט, אז דיא קאפּיטאליסטישע קלאסע קען לייגנער ניט קאָנטראָלירען דיא פּראָדוקטיווע קרעפטען, אז דיא קאפּיטאליסטישע קלאססע קען מעהר ניט מענעדזשען דיא אינדוסטריע, און אז זיא קען מעהר ניט געבען בעשעפטיגונג צו דיא ארבייטער. און דיא

היסטאָרישע אויפגאַבע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג איז אויף אַזאַ אופן אָבצושאַפען דיא קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, וועלכע איז געגרינדעט אויף פּריוואַט אייגענטהום און איינפיהרען אַ געזעלשאַפט אויף דעם גרונד פון שותפות אייגענטהום פון אַללע פּראָדוקציאָנס מיטלען.

און אַז דיעזע ענדערונג וועט קומען, איז אַזוי זיכער, וויא עס איז זיכער, אַז איך שטעה פאַר אייך דיעזען נאַכמיטאַג. דיעזע ענדערונג וועט קומען אַזוי שנעל וויא איהר וועט זיין צוגעגרייט דערצו דאַן, ווען איהר וועט פערשטעהן דיא בעדייטונג פון סאָציאַליזמוס.

## אינדיווידואַליטעט.

דיא צרה מיט דיא מעהרסטע פון אייך איז, וואָס איהר ווייסט וויינינג וועגען סאָציאַליזמוס, און דאַס ביסעל וואָס איהר ווייסט, איז ניט ריכטיג. איהר האָט געלעזען דערפון אין קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, און זיי זאָגען אייך, אַז אין אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט איהר קומען צו דיא טיעפסטע מדרגה פון ערניעדריגונג, אין דיעזער מדרגה זייט איהר אָבער יעצט.

איך בין געוועזען אין דער ברעד ליין לעצטען ווינטער, און איך האָב געזעהן דאַס דיא קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען ריידען ניט וועגען דעם. זיי זאָגען אייך, אַז דער סאָציאַליזמוס וועט מאַכען אַ תל פון אייער אינדיווידואַליטעט. אַ לוין-שקלאַף האָט ניט קיין אידיווידואַליטעט. וואָס הייסט אינדיווידואַליטעט? דאָס איז דער אויסדרוק פון אַ פּערזאָן׳ס גייסטיגע און מאָראַלישע אייגענשאַפטען, עס איז אַ מענשליכע בעשעפעניש אין פולען בליהען. אָבער דיא דרייסיג מיליאָן לוין אַר-בייטער, וועלכע זיינען אבהענגיג פון דיא קאַפּיטאַליסטען, זיינען מעהרסטענטהיילס נישט מעהר וויא אַ פערקערפּערטער „בלומרשט" פון אינדיווידואַליטעט און זעלבסטשטענדיגקייט, זיי פּויזען אויף דיא קניע און כאַפּען אַרונטער זייערע העטס ווען זיי דערזעהען זייערע באַ־סעס. זיי קענען פערליערען זייערע דזשאַבס. זייער קוראַש איז דער-שטיקט, ווייל זיי דאַרפען געהן בעטען פאַר אַרבייט אָדער בעסער געזאָגט, בעטען אויף צו לעבען, און דעריבער האָבען זיי ניט קיין אינדיווידואַליטעט, קיין זעלבסט שטענדיגקייט.

## דער חשק צו אַרבייטען.

דיא קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען זאָגען אייך אויך, אַז אין אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט איהר ניט האָבען קיין חשק צו אַרביי־טען. יעצט, אַז איהר ווערט בערויבט כמעט פון אַלץ וואָס איהר פּראָדוצירט, האָט איהר יאָ גרויס חשק צו אַרבייטען, אָבער (אין אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג מיינען זיי) אַז איהר וועט קריגען דעם פולען

טהייל פון אלץ, וואס איהר שאפט, דאן וועט איהר אוועקוואַרפען אייערע געצייג אַזוי איהר וועט שטארבען פון הונגער. זיי, די קאַפּי־טאליסטען, וועלען דאס אייך ניט טהאָן, אָבער אין א סאָציאליסטישע אָרדנונג, זאָגען זיי, וועט דאס יא טרעפען.

## דיא פערניכטונג פון דער פאמיליע.

ווייטער זאָגען אייך דיא קאפּיטאליסטישע צייטונגען, אז דער סאָציאליזמוס וועט אָבשאפען דאס פאמיליען לעבען און אז דאס וועט זיין זעהר א שלעכטע זאך. אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, זאָגען זיי, איז גאנץ אנדערש. וואו זיינען אָבער דיא 80 טויזענד גט'ן א יאָהר? נור צו פערדאנקען דעם קאפּיטאליזמוס ווערט דאס פאמיליען לעבען אין גאנצען לאנד שטענדיג צושטערט.

וואס איז מכח דיא פאמיליען פון דיא 5 מיליאָנען ארבייטסלאָזע? וואס איז מיט דיא ארבייטער, וואס דארפען פערלאָזען זייערע פאמיל־יען און זייער היים צו זוכען ערגעץ וואו ארבייט ביי נייע בעלי בתים? נאָכדעם וויא דיעזע לייטע קומען שוין אָן אין פלאץ פאר 4 אָדער 5 הונדערט מייל פון דער היים אָהן א סענט געלד, מיט צופליקטע און צוריסענע קליידער, בעקומען זיי א בריעף פון דער היים. בעטראכט גוט דיעזע אונגליקליכע וויא זיי לעזען דיא בריעף; איהר וועט זעהען וויא דיא טרעהרען קאפּען ארונטער אויף זייערע באקען. דיא ווייב שרייבט, אז זיא האָט ניט בעצאָהלט איהר רענט, און אז מען וועט זיא ארויסשטעלען אין סטריט, דיא קינדער זיינען הונגעריג און ז. וו. און אזוי ווערען דיעזע אונגליקליכע פערוואנדעלט אין טרעמפּס. פון זיי־ער לעבען, פון זייער פאמיליע, פון זייער גליק — פון אלץ ווערט א חורבן, און דאס אלץ קומט פאָר אין דער קאפּיטאליסטישער געזעל־שאפט.

אלע בעשולדיגונגען געגען דעם סאָציאליזמוס, אז ער וויל צו־שטערען דיא פאמיליע, זיינען פאלש.

## דיא פריכטע פון קאפּיטאליזמוס.

אין דער יעצטיגער סיסטעם איז א זעקסטעל פון דער גאנצער פּראָדוקציאָנס־פעהיגקייט פון פאָלק פאראליזירט. איינער פון זעקס אר־בייטער געהט ארום אָהן בעשעפטיגונג. עס זיינען דאָ אין לאנד איבער א מיליאָן טרעמפּס, איבער 800 טויזענד גנבים, רויבער און פערברע־כער, און ביי 600 טויזענד געפאלענע פרויען. פּראָסטיטוציאָן איז אין דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט געוואָרען א שטענדיגע ערשיינונג. אין יעדער זאָגענאנטער ציוויליזירטער שטאָדט איז דאָ א „רעד־לייט“ דיסטריקט, און דיא אונגליקליכע פרויען ווערען גענומען פון דער אר־בייטער קלאסע. דיא טעכטער פון דיא קאפּיטאליסטען קענען אויך

זיין אונמאראליש. אבער זיי דארפען ניט געהן אין סטריט.

אלע אונזערע דזשיילס זיינען געפאקט, אלע אונזערע פעניטענט־שעריס זיינען איבערפילט, אלע אונזערע משוגעים הייזער זיינען איבער-געפאקט און דיא זעלבסט־מארד עפידעמיע פערשטארקט זיך אויף א שרעקליכען ארט. אין יעדען נומער פון יעדע קאפיטאליסטישע צייטונג איז דא א קאפיטעל מיט א בעשרייבונג פון פארברעכענס און פערדאר־בענהייט. נעהמט אויף א טשיקאגער אייער מארגעדיגע צייטונג און בעצייכענט מיט א בלויען פענסיל דיא נייעס וועגען גרעפט, קארופ־ציאן, גנבות, רויבערייען, איבערפאלען, מארדען, פערגוואלדיגונגען און ווען איהר וועט דאס טהאן וועט אין דער צייטונג אויסער דעם גאר ניט איבערבלייבען. דאס איז קאפיטאליזמוס.

און קיין זאך איז ניט זיכער אין יעצטיגער ארדנונג אויסער אונזיכערהייט. איהר מעגט פערמאגען 50 טויזענד דאלאר, קענט איהר לסף? פארט שטארבען אין א הקדש און בעערדיגט ווערען אויף א „פאטערס־פיעלד". אויב איהר זייט אן ארבייטער און איהר האט א קליין מיידעלע פון 8 אדער 10 יאהר און אייערע ווײדזשעס זיינען קליין אדער איהר געהט גאר ארום אהן ארבייט אין דער צייט ווען דאס קינד דארף זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון א ליעבענדע מוטער און דארף האבען פרישע לופט און געזונדע שפייז (און דאס ווערט דאך אזוי ליכט פראדוצירט) — געפינט זיך גאר דאס קינד אונטער'ן בייטש פון'ם קאפיטאליזמוס, און צו 8 אדער 10 יאהר דארף זיא געהן אין שאפ און שטעהן ביים מאשין א גאנצען טאג. זיא שפייזט דיא מאשין, און דיא מאשין פערהונגערט זיא.

## דיא רואינע פון דיא מיידלעך.

דאס מיידעלע קרינט קלענליכע געהאלט. דיא לופט איז פער־דארבען, דער שאפ איז שמוציג, זיא אטהעמט אריין שטויב און שמוץ, און איהרע לונגען ווערען פערצעהרט! איהר בלוט איז ארים, און זיא בלייבט דארט ביז זיא ווערט 18 אדער 19 יאהר אלט. דאן איז דיא צייט, ווען זיא דארף חתונה האבען. זיא נעהמט אויף זיך דיא ראלע פון א מוטער, אבער זיא פאסט זיך גאר ניט צו דער ראלע. איהרע נערווען זיינען שוין אויסגעמאטערט, איהר גאנצער קערפער איז איינ-געצויגען, איהר גאנצע לעבענס קראפט איז פערשוואונדען. דיא קינ-דער איהרע ווערען געבוירען שוואכע, קראנקע. און דאס איז דיא אורזאכע פאר וואס עס איז אזא גרויסע שטערבליכקייט אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג.

און דא איז נאך א קליין מיידעל, וועלכע איז צוליעב ארימקייט געצוואונגען צו געהן ארבייטען אין א העפארטמענט סטאר פאר 3

דאָלאַר א וואָך. זיא דאַרף זיין שעהן, ציכטיג און צוציהענד און שוין אין איהר קינדהייט דאַרף זיא אויסשטעהן הונדערטער נסיונות א טאָג, און אין א'ן אונפּאַרזיכטיגען מאָמענט מאַכט זיא איהר ערשטען פאַל־שען שריט. פון דאַן אָן ווערט זיא שוין אוועקגעטראָגען מיט'ן שטראָם אַלץ טיעפער און טיעפער, ביז זיא פאַלט אריין אין אַבגרונד פון שאַנדע, פערצווייפלונג און טויט.

דאָס איז קאַפּיטאַליזמוס. און אויב עס וועט טרעפען, אז אייער יונגע קינד, וועלכע איהר ליעבט מעהר וויא זיך אליין, וועט אומקומען און פאַלען א קרבן פון שאַנדע, וויל איך אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אז איהר זייט שולדיג אין דעם, ווען איהר וואוט אָנצוהאַלטען דיא קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם.

דיא איינ־ציגע אישו, וואָס וועט ברייננגען דעם זיעג.

אויף דיעזער גרויסער אישו, מיינע פריינד און גענאָסען, געהען מיר זיעגען און אריינקריגען דיא מאַכט, איך אַפּעליר צו אייך, אַרבייטער, אַז איהר זאָלט אין יעדען קאַמפּיין טהאָן אייער פפליכט וויא נעהעריג איז. עס איז יעצט צו שפּעט אָפּצולייגען דיא אַרבייט. איך אַפּעליר דירעקט צו אייך, און עס איז אייער פפליכט צו אייך אליין, צו אייער פרוי, צו אייער קינד, צו אייערע חברים אַרבייטער, צו דער גאַנצער מענשהייט אָבצורופען זיך אויף דיעזען אַפּיעל. זאָל אייך ניט אַרען, וואָס אַנדערע זאָגען, דיינקען אָדער טהוען; זייט אויפריכטיג צו זיך אליין. מען וועט אייך דערפאַר רופען אַן אונגעווינשטער ביר־גער, אָבער דאָס וועט זיין אַן עהרע פאַר אייך.

לאָמיר אייך זאָגען אַז אין פערלויף פון דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשהייט זיינען דיא קעמפּפער פאַר פרייהייט און פאָרט־שריט, דיא פרעדיגער פאַר מענשליכקייט און יושר, דיא שלוחים, וואָס האָבען אָנגעזאָגט וועגען דעם אויפגאַנג פון דער זונן, געוועזען אונגע־ווינשטע בירגער.

מיט 150 יאָהר צוריק איז טהאָמאַס דזשעפּערסאָן געוועזען פער־רעכענט פאַר א רעוואָלוציאָנער. עדעמס פאַר אַן אונטערצינדער, פּעט־ריק הענרי פאַר א פערברעכער. יעצט אָבער לערענט איהר אייערע קינדער צו האָבען דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר יענע אונגעווינשטע בירגער, וועהרענד אַלע, וואָס האָבען פעראַכטעט דיא אויבענדערמאָנ־טע גרויסע לייט, זיינען אין גאַנצען פאַרגעסען געוואָרען.

דאָס אייגענע איז געוועזען אין דער צייט פון דער בעוועגונג אָב־צושאַפען דיא שקלאַפעריי. לאָוודזשאָי איז ערמאָרדעט געוואָרען, אויף גאַרריסאָן'ען האָט מען געוואָרפען שטיינער, פיליפּס איז אויס־

געשטאנען דיא גרעסטע פערפאלגונגען, און דזשאהן בראון, דער גרעס־טער בעפרייער, וואס דיעזע לאנד האט ארויסגעבראכט, איז אויפ־געהאנגען געווארען.

פרייהייטס־קעמפפער זיינען תמיד געוועזען „אונגעווינשטע בירגער".

אלע, אלע זיינען זיי געוועזען „אונגעווינשטע בירגער". זיי האבען אלע געהאט דעם מוטה פון זייערע איבערצייגונגען. זיי האבען גע־טהאן זייער פפליכט און נאך זיך איבערגעלאזט נעמען, וועלכע וועלען אויביג לעבען. ווען עס זיינען פארגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער געשיכטע, ווען מען האט געשטרעבט פאר גרויסע פרינציפען, זיינען דיא מאסען תמיד געוועזען בלינד, רעאקציאנער און פייג. בלויז עטליכע מוטהיגע האבען זיך געשטעלט פאראויס, דיעזע עטליכע האבען פערפערטיגט דעם וועג פאר בעסערע לעבענס־בעדינגונגען פאר דער מענשליכער ראסע.

איהר און איך, וואס געפינען זיך היינט אויף דעם ערד־קוגעל, זיינען פיעל שולדיג דיעזע גלענצענדע מענער, דיעזע גרויסע פרויען וועלכע האבען פיעל געאפפערט אז מיר זאלען קענען געניסען וויפיעל עס איז פרייהייט, וויפיעל עס איז ציוויליזאציאן. דיעזען חוב אונ־זערען קענען מיר בלויז בעצאהלען דאן, ווען מיר וועלען אויך טהאן, אדער טרייען עטוואס צו טהאן פאר דעם נוצען פון דיא, וואס וועלען קומען נאך אונז. עס דארף זיין דיא העכסטע פפליכט פון יעדען מענשען צו טהאן עטוואס, וואס זאל מעגליך מאכען, אז א קינד פון די קומענדע דורות זאלען קומען צו זיין קבר, דארט אוועקלעגען א בלום און זאגען: „דיעזע וועלט איז יעצט בעסער און שעהנער פאר מיר, ווייל דיעזער מענש האט אין איהר געלעבט בעפאר".

א גרויסער וועלט־קאמפף.

א מעכטיגער וועלט־קאמפף איז דאס ארגאניזירט פון דיא באטאליאנען פון אונטערדריקטע. דיעזער קאמפף פערשפרייט זיך אי־בער דעם גאנצען ערד־קוגעל. דיא מיליאנען מענשען, וואס לעבען אין אלע קרייזען און געגענדען וואס רינגלען ארום דעם ערד־קוגעל, זיינען שוין אלע בעגייסטערט פון דער מוזיק וואס שפיעלט דעם גרויסען נייעם בעפרייאונגס־מארש. דיעזער רוף קומט אויך צו אייך, און אויב איהר זייט טריי זיך אליין, וועט איהר ענטפערען אויף דיעזען רוף. איהר וועט פערנעהמען אייער פלאץ אין דיא רייהען און צום ערשטען מאל אין אייער לעבען וועט איהר אויפהייבען שטאלץ אייער קאפ, אייער הארץ וועט קלאפען פון דעם ערשטען „פארווערטס מארש", איהר וועט אנווענדען אייער גאנצע קראפט אין קאמפף, איהר וועט

פיהלען דאָס אָנקומען פון א נײ־געבאָרענער האָפנונג. אויב איהר וועט דורך דעם פערפאָלגט ווערען, איז דאָס נאָך פיעל בעסער פאר אייך, ווייל דאן וועט דיא מאכט וואָס שלאָפט אין אייך אויפגעוועקט און ענטוויקעלט ווערען, איהר וועט קריעגען נייע כחות, איהר וועט ווערען שטארקער, וויא איהר האָט ווען עס איז גע'חלומ'ט, און איהר וועט פערצייכנען אייער נאמען צווישען דיא וואָס לעבען אייביג.

ווען דיעזע גרויסע פארטײ וועט קריעגען דיא מאכט דאָ אין ניו יאָרק, אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, אין אלע אנדערע לענדער, וועלען מלחמות צווישען איין נאציאָן און דער אנדערער אויף אויביג אויפהערען. פאר וואָס זאָל דיא ארבייטער קלאסע פון איין לאנד אויס'הרג'ענען דיא ארבייטער־קלאסע פון אן אנדער לאנד אין דיא אינטערעסען פון דער קאפיטאליסטישער קלאסע, וועלכע אונטערדריקט און בערויבט דיא ארבייטער־קלאסע פון אלע לענדער? ציוויליזירטע נאציאָנען וועלען ניט ערמאָרדען איינע דיא אנדערע.

## דיא שרעקען פון מלחמות.

איך דערמאָן זיך וויא ניט לאנג צוריק האָב איך געלעזען דיא בעשרייבונג פון א שלאכט־פעלד אין רוסיש־יאפאנעזישען קריעג. 20 טויזענד מענשען זיינען געלעגען טויט אויף איין שטיק פעלד — צוריסענע און צו'הרג'עטע מענשען האָבען גע'גוסס'ט. אויב איהר בעזיצט נור א קליינעם כח הדמיון, קענט איהר זיי זעהן. איהר קענט זעהן וויא אין דיא מאטערנישען פון זייער גסיסה, זוכען זיי זיך נאָך ארויסצורייסען פון דיא לאפעס פון טויט, און עס געלינגט זיי בלויז צו געבען דעם לעצטען הערצרייסענדען, פערצווייפעלטען זיפץ. ווייט, ווייט קענט איהר זעהן דיא אלטע מאמע מיט איהרע זילבער־ווייסע האָאָר, וויא זיא בעוויינט צום לעצטען מאָל איהר גרויסען אונגליק, ווען זיא הערט, אז דאָס קינד וואָס זיא האָט אזוי געליעבט, איז גע'הרג'עט געוואָרען.

ווען איך טראכט נאָך וועגען דעם וויא דאָס ווייסע, ציטערנדיי פלייש פון א מענשליכען בעשעפעניש ווערט דורכגעלעכערט פון א קאלטער שטאָלענער שווערד, ווער איך איינגעשרומפפען פון שרעק. דיא סאָציאליסטישע בעוועגונג טהוט אלעס אין איהר קראפט וואָס שנעלער צו בריינגען דעם טאָג ווען דיא פינסטערע קללה פון מלחמות זאָל אָפגעמעקט ווערען פון דער ערד. מיט דעם סוף פון דער היינ־טיגער משונה'דיגער קאָנקורענץ אין דער אינדוסטריע און אין קאָמערץ קומט אויך דער סוף פון מלחמות. און מיט דעם אָנפאנג פון דער גרוי־סער וועלט שותפות קומט אויך דער אָנפאנג פון שלום אויף דער וועלט און פון ליעבע צווישען מענש און מענש.

ווען דיזע בעוועגונג וועט קריעגען דיא מאכט און איינפיהרען דעם פאָלק׳ס דעה אין דער אינדוסטריע, וועט מען ביי קיין מענש ניט קענען אוועקנעהמען זיין רעכט צור ארבייט. ער וועט קריעגען דאָס, וואָס ער בעשאפט, א פרייער מענש וועט ער זיין, ער וועט גניסען דיא פולע פרוכט פון זיין ארבייט, וועט האָבען א גוטע היים, א גליק־ליכע פרוי, זיינע קינדער וועלען זיין אין סקוהל. אין דיזער צייט וועט דער צייכען פון ארבייט זיין א צייכען פון גרויסען יחוס.

דאן וועט ארויס אן אנדער רוף פאר בעפרייאונג. מיר וועלען איבערפילען דאָס לאנד מיט רייכטהום. מיר וועלען אָפּשאפען אָרימ־קייט, וועלכע בושעוועט און ברייננגט אריין אלערליי חלאת׳ן אין דער מענשליכער ראסע. דאן וועלען מיר פערקלענערען דעם ארבייטס-טאָג לויט דיא לעצטע ערפינדונגען, ביז יעדער מאן וועט האָבען גענוג פרייע צייט אויסצובילדען זיין פערשטאנד און וועט גניסען דיא חבר׳שאפט פון זיינע מיטמענשען.

דאן וועלען אונזערע אלעמענס עקאָנאָמישע אינטערעסען זיין דיעזעלבע, און אנשטאט אָנצוכאפּען איינער דעם אנדערען פאר׳ן האלז און איהם שטיקען, וועלען מיר ארבייטען וויא אמת׳ע חברים, זייט ביי זייט, אין דעם ריכטיגען גייסט פון מענשליכקייט. ווייסט אָבער, אז ביז דאן האָט איהר אויף זיך א חוב.

עס איז געווען דער גרויסער פּאָעט לאועל, וועלכער האָט געזאָגט:

„ווער עס איז טריי דעם מענשען,<br>
איז אויך טריי צו גאָט.<br>
וואו נור א רעה ווערט געטהאָן<br>
דעם קלענסטען און דעם שוואכסטען,<br>
וואָס לעבט אונטער דער זון,<br>
דאן טרעפט אויך אונז דיא רעה;<br>
און דיא ניעדעריגסטע שקלאווען זיינען די,<br>
וועלכע ליעבען גערעכטיגקייט בלויז פאר זיך,<br>
און ניט פאר דער גאנצער מענשליכער ראסע“.

„פארווערטס“



# סאציאליזמוס איז דיא נייע תורה!

א תורה וועלכע לעהרענט דיא מענשען וויא אזוי צו פיהרען אן אמת מענשליכען לעבען אויף דער וועלט.

אום דיא תורה צו פארשטיין מוז מען הערהען סאציאליסטישע רעדנער און לעזען סאציאליסטישע שריפטען.

מיר ראטהען אייך צו לעזען דיא פאלגענדע בראשורען.

## "וואס ווילען דיא סאציאליסטען?"

אן איינפאכע און ריכטיגע ערקלעהרונג וואס דיא סאציאליסטען ווילען, לעזט וואס זיי אליין זאגען וועגען דעם! געשריבען פון וויל-העלם בראקע, און איבערזעצט פון דייטש פון ש. פעסקין פרייז 5ס.

## "יעמוד ארבייטער!"

אן ערקלעהרונג איבער דעם וויא דיא ארבייטער פאנגען זיך אן ארגאנעזירהען, און קעמפפען פאר זייער בעפרייאונג. דיא בראשורע ערקלעהרט דייטליך וואס דיא סאציאליסטישע פארטיי שטרעבט דורכ-צופיהרען. געשריבען פון ב. פייגענבוים, פרייז 5 סענט.

## "דער קלאססען קאמפף"

א וויכטיגער בראשורע וואו עס ווערט ערקלעהרט וויא אזוי דיא קעמפפע צווישען דיא קלאסען איז געפיהרט געווארען פריהער, און וויא דער יעצטיגער קאמפף צווישען קאפיטאל און ארבייט מוז פיהרען צו דיא פארווירקליכונג פון סאציאליזמוס, געשריבען פון ש. עלשטיין, פרייז 5 סענט.

## "דיא רעפובליקאנער, דיא דעמאקראטען און דיא סאציאליסטען"

א רעדע פון יודזשין וו. דעבס, דיעזע רעדע איז פון איהם גע-האלטען געווארען אין ניו יארק „היפאדראם טהעאטער" פאר א פוב-ליקום פון 8 טויזענד, אין דיעזע רעדע ווערט דייטליך ערקלעהרט וועלכע פרינציפען, וועלכע אינטערעסען עס פארטרעטען דיא פאר-שיעדענע פארטייען אין דיעזען לאנד. דער בראשורע קאסט בלויז 3ס.

אנדערע בראשורען ווערען פארבערייטעט.

אגענטען און בראנטשעס בעקומען דיסקאונט.

זיך צו ווענדען

*Progressive Publishing Ass'n*

*831 North 7th St., Philadelphia, Pa.*

